# מאָטיווען פון געזאַנג

געזונגען פון פיר לייטען

---

פיער דערצעהלונגען

פון

לוי קאַפּלאַן

---

ערשטע—א וואָגען זאמד פאר „ווייבערשע יאָהרען"

צווייטע—„דאָס פייגעלע איז געפלויגען איבער אלע ים'ען"

דריטע—„קום, קום, ישראל'עקיל אהיים"
—אין פיער אויפפאסונגען

פערטע—„שטעהט אויף, איהר אונטערגעדריקטע מאסען"

ISBN:0-657-12538-5





20

# מאַטיוועך פון געזאַנג

## געזונגען פון פיר לייטען

---

פיער דערצעהלונגען

---

פון

## לוי קאַפּלאַן

---

ערשטע—א וואָגען זאמד פאר „ווייבערשע יאָהרען"

צווייטע—„דאָס פייגעלע איז געפלויגען איבער אלע ים'ען"

דריטע—„קום, קום, ישראל'עקיל אהיים"

—אין פיער אויפפאסונגען

פערטע—„שטעהט אויף, איהר אונטערגעדריקטע מאסען"

באמערקונג:

ביים ארויסברייגגען די דערצעהלונגען איז צווישען זיי פאָרגעקומען א „ויתרצצו". די צווייטע איז ארוים צום ערשטען און די ערשטע האָט זיך באוויזען גאָר צום לעצטען, נאָך דער פערטער . .

## אינהאלט



### מען זאָל וויסען

מיין נאמען אין ראוונע, וואלינער גובערניע, איז געווען לוי קרעפעל, אין בוענאס איירעס—ל. קרעפליאק; דא, אין אַמעריקא—ל. קאפלאן.

דא אין פילאַדעלפיא, וואו איך געפין זיך, האב איך, אליין— מישטיינס געזאגט, אַרויסגעגעבען . . שוין איין ביכעל — „א נייער ארון־קודש".

**„דאָס פייגעלע איז געפלויגען איבער אלע ים'ען"**

פונ'ם אינהאַלט:

אָנפאַנג פון ערשטער דערצעהלונג

# אַ וואָגען זאַמד פאַר „ווייבערשע יאָהרען“

קלאַפּען די האַמערס, שניידען די זעגען, שיילען די הובעלס, קען מען שוין דערביי ניט רעדען, ניט שמועסען. באַנעמט אָבער א וויכטיגער געדאַנק, פאַרקלעמט עפּעס אַ שטאַרקער געפיהל, דריקט מען עס אויס פאַר זיך אין אַ ניגון, אין אַ ליד. קען מען ניט קיין פולען ניגון, ווייסט מען ניט קיין גאַנצע ליד, איז אין אַן אָנהויב פון אַ ניגון, אין אַ טייל פון אַ ליד.

אָבער ניט איטליכער פון די, וועלכע האָבען זיך געפונען אויף אַזאַ פּלאַץ אָנגעשטעלט, איז, ווייזט אויס, גאָר ווען עס איז אַזוי פאַרכאַפּט געוואָרען שטאַרק פון אַ געדאַנק, אַזוי באַנומען געוואָרען טיעף פון אַ געפיהל, ער זאָל עס דאַרפען אַרויסגעבען אין עפּעס אַ זינג. די מעהרסטע, וואָס זיינען דאָרטען געוועזען אָנגעדינגען, האָבען זיך תמיד געטאָהן זייער אַרבייט שווייגענדיג, גאָר קיינמאָל ניט אויפגעהויבען קיין שום קול. געלאָזט הערען פון זיך כסדר אויף פאַרשידענע אופנים, האָבען נאָר פיער לייטען.

איינער, אַ שמחה, וועלכער האָט געהאַט געלע וואָנצעס און געלע אויגען, און געשטאַמט האָט ערגעץ פון דער ליטע, איז אויסזינגען עפּעס אַ מעלאָדיע, אַ ליעד, האָט ער ניט אַרויספּעזונגען. נאָר וואָדען? אַלעמאָל, אין מיטען זעגען, אין מיטען הובלעווען, פלעגט ער זיך אוועקשטעלען, מעשה־האָהן און אויסשרייען:

„אַ וואָגען פּעסאָק, זאַמד, הייסט עס, פאַר ווייבערשע יאָהרען!“ . . . און דערנאָך האָט ער אַזוי גלייך פאָרגעזעצט: „ויהי בנסע הארון, ויאמר משה: אצא, קאצא, מיפּאָנעקאָ, אומיפאָדרעקאָ! . .

אַלע, דאָרט האָבען שוין גוט געוואוסט דעם וויץ דערפון, אַז עס איז אַ מעשה, ווי אַן אָרעמער בעל־עגלה, ביים אויסדונגען שמיני־עצרת, אין שוהל דעם „אתה הראת“, האָטאויסגעשריען, אַז ער גיט אַ וואָגען פּעסאָק, זאַמד, פאַר דער שוהל, פאַר׳ן „ויהי בנסוע הארון“, איז אַזוי ווי דער שמש, דער פאַרהאַנד־

לער, איז געווען עפּעס אַ מין ליטוואַק—ווען ער האָט אויסגע־
רופען: „אַ וואָגען פּעסאָק פאַר ויהי בנסע הארון”, האָט עס
געקלונגען ווי פאַר ווייבערשע יאָהרען . . . און נאָכהער, ווען
דער איינגענער בעלעגלה האָט געעפענט דאָס מויל פאַר עמוד צו
זאָגען דעם ויהי בנסוע, האָט ער ניט געקענט אויסריידען די
עברי, האָט ער עס אַרויסגעבראַכט טאַקע: ויהי בנסע, האַרון,
און—ויאמר משה, און ווייטער שוין: אצא, קאצא, מיפּאָנעקאָ,
אומיפּאָדרעקאָ!” . .

יאָ, אַלע האָבען דאָס שוין דאָרטען גוט געוואוסט, נאָר פונ־
דעסטוועגען, פלעג עס קיינעם ניט ווערען איבערדרוסיג זיין
אַלעמאָל אַזוי אויסרופען עס. און אין דעם אופן, ווי אַזוי דער
שמחה פלעג עס אויסשרייען, האָט זיך געשפּירט, אַז ער טוט
עס ניט דורכאויס; מחמת ער ווערט אַזוי שטאַרק מיטגעריסען
פון דעם שפּאַסיגען אינהאַלט דערפון, אין זיין „אַ וואָגען פּעסאָק
„פאַר ווייבערשע יאָהרען” האָט זיך אויך געהערט עפּעס אַ טאָן
פון וועהטאָג, פון פאַרביטערונג. ער פלעגט עס אויסרופען אַפילו,
ווען אַן אַרבייט איז איהם ניט מיטגעגאַנגען. און טאָמער האָט
ער געהערט פון עמיצען עפּעס, וואָס איז איהם ניט געפעלען,
פלעג ער אַרויסזאָגען: ויאמר משה: אצא, קאצא, א. ז. וו. . . .

אָבער איידער מיר'ן זיך דערקינדיגען, וועלכע זיינען עס
ווירקליך געווען די געפיהלען, וואָס האָבען איהם באַצוואונגען
ער זאָל עס אַלעמאָל אַזוי אויסשרייען, וועלען מיר דערוויילע
איבערגעהען צום צווייטען, וועלכער פלעגט אויך כסדר פון זיך
עפּעס לאָזען הערען:

צווייטע דערצעהלונג

# „דאָס פייגעלע איז געפלויגען איבער אַלע ים'ען"

געררופען האָט זיך דער: מאָריס, — געווען אַ גאַליציאַנער, געגאַנגען איז ער אימער מיט'ן קאַמזויל, מיט ברילען און מיט אַ געזיכט, וואָס האָט געהאַט עפּעס אַ ווייטאָגליכען אויסדרוק.

און דער פלעג גראָדע, ניט שטאַרק הויך, ווי פאַר־זיך עפּעס אויסזינגען, אָבער טאָג איין, טאָג אויס ניט מעהר, ווי דאָס איינציגע: „דאָס פייגעלע איז געפלויגען איבער אַלע ימ'ען", און צוזעצען: „זאָלסט אָפּגעבען אַ גרוס מיין טאַטען מיט מיין מאַמען"! . . .

ביי דער אַרבייט רעדט מען ניט, מען שמועסט ניט. אָבער דאָס קליין שטיקעל צייט, ווען מען כאַפּט עפּעס איבער, ביים אָנבייסען, ה. ע., וויפיעל עס געלינגט, ברייננגט מען שוין אַרויס איינער פאַר'ן צווייטען מיט וואָס געשפּאַנט עס איז דער גע־דאַנק, מיט וואָס פאַרכאַפּט איז דער געפיהל. ניט בלויז זוכט דאָן יעדערער אַרויסזאָגען זיין מיינונג איבער וויכטיגע אַלגע־מיינע געשעהענישען, אין וועלכע ער איז פאַראינטערעסירט גע־וואָרען, נאָר אפילו, אַ וויץ, ווען איינער דערוואוסט זיך און וואָס עס טהוט איהם פון דעם שטאַרק הנאה, פּרוווט ער איהם דאָן אַרויסלעגען פאַר די איבעריגע. און נאָך, מעהר פון אַלץ דערצעהלט איינער דעם אַנדערן פון אייגענעם לעבען.

און פון דעם וואָס דער מאָריס, אָדער משה, ווי ער האָט אמת'ן געהייסען, פלעגט אויך פאַרברייננגען, וואָס ער האָט שוין, הייסט עס, אדורכגעמאַכט, האָט געקענט ווערען פאַרשטענדליך, ווארום ער האָט פון אַלע לידער, טאָג איין, טאָג אויס, זיך פאַר־גומען צו זיננגען: „דאָס פייגעלע איז געפלויגען".

אַרויסגעוויזען האָט זיך, אַז ער איז געווען אַ גרויסער צער־בעלי־חיים'ניק;

נאָך פון קינדוויים אָן האָט ער פאַרמאָגט אַ באַזונדער ליעב־שאַפט פאַר די אַלע היימישע חיות און עופות. פאַר טייבעלעך און פייגעלעך וואָלט ער געווען אוועקגעגעבען דאָס לעבען, וואו

ער פלעגט אַפילו נאָכקוקען מיט רחמנות בינען און פליגען ...
און אַט, צוליעב דער איינגענשאַפט, זיינער, האָט ער געדאַרפט
פאַר זיינע יאָהרען זעהר פיעל אָפּקומען.

## איבער א קאַץ

אַלס קליין איינגעל פלעגט ער זיך כסדר אַרומטראָגען מיט
קעצעלאַך. אין זיין חדר האָבען זיך געפונען אינגלאַך, וועלכע
האָבען גראַדע געהאַט פאַרגעניגען פון מאַטערן א קאַץ, אָנ־
טרעטען איהר אויפ'ן עק, פאַרבינדען איהר די אויגען. איינמאָל
האָט ער געזעהען, ווי זיי האָבען געכאַפּט א קאַץ, אָנגעצונדען
א שוועבעלע, גענומען ברענען איהר די האָר! . . די אויגלעך
זיינען איהם דאַן אַזש אַרויס פון קאָפּ, און ער איז צוגעלאָפען
צו זיי, אָנגעפאַנגען זיי דראַפּען און שלאָגען; ביז ענדלאַך האָט
ער זיך אַ שליידער געטאָהן אויף דער ערד, גענומען שרייען,
וואַרפענדיג מיט די הענטלאַך און פיסלאַך . . ביז די מאַמע
זיינע האָט געמוזט קומען, איהם אַוועקטראָגען אַהיים, וואו ער
האָט געוויינט אַ פּאָר שעה און מ'גאַנצען טאָג ניט געגעסען.

דער סוף איז געווען, די אינגלאַך אין חדר האָבען איהם
דערפאַר געקרוינט מיט'ן צונאָמען: משה קעצעלע, און טאָמער
עפּעס גערופען איהם: משה־קעצעלע, קיץ, קיץ! . . נו, האָט ער
שוין דערפון קיין חיות ניט געהאַט . . .

## איבער טויבען

איבער טויבען האָט ער געקראָגען אַ ערגערען אָפּשניט, אַן
אָפּשניט, וועלכער איז איהם געבליבען צו געדענקען.

ווען ער איז אַלט געוואָרען אַ יאָהר זיבען, האָט ער אָנגע־
וואוירען מ'טאַטען און די מאַמע האָט איהם שוין ווינציג גע־
שטערט; וואס ער'ט געוואָלט, האָט ער געטאָן. דעמאָלט האָט
ער זעהר געגאַרט נאָך טויבען; האָט ער אויפ'ן בוידעם איינגע־
מלאכה'ט אַ טויבען־שלאַק און האָט זיך צום ערשטען איינגע־
שאַפט אַ פּאָר טייבעלאַך—אַן ער מיט אַ זי.

גאַנצענע טעג האָט ער פאַרבראַכט ביי זיי. ער האָט זיי אָפּ־
געהיט, עס זאָל זיי קיין שום שלעכטס ניט געשעהען; קיין קאַץ

זאָל צו זיי ניט צוקומען. טאַמער האָט ער באַמערקט אַ טייבעלע זיך בלאָזען, האָט ער עס געראַטעוועט, אַזוי ווי אַ מאַמע אַ קינד. האָבען זיי זיך גענומען פלידען, זיי האָבען זיך געמעהרט און געפרוכפּערט. ווען ער האָט זיי אָנגעפאַנגען ארויסלאָזען, האָבען זיי זיך איטליכעס מאָל אומגעקערט מיט נאָך אַנדערע טויבען. יעדער פריהמאָרגען איז דער דאַך פון זיין שטוב געווען באַזעצט מיט צעהנדליקער, מיט גאַנצע מחנות טויבען, וועלכע האָבען געוואַרקעט און זיך געפורכקעט אויף און אָפּ. מענשען פון דער גאַס פלעגען זיך אָפּשטעלען, קוקען און גאַפען און ער אַליין, פאַרשטעהט זיך, איז ממש געוואַקסען פון דעם נחת . . .

האָט אָבער אין דעם אייגענעם געגענד, ניט פיעל וויטער פון זיין הויז געוואוינט אַ גויע, אַן אַפקע, אַ שפּרעכערקע, וואָס, אַז טאָמער האָט זיך עמיצער פאַרקיהלט, שלאָף געוואָרען, פלעגט מען איהר ברייננגען, און זי פלעגט אָפּשפּרעכען, אויסקייקלען מיט אַן איי, אויך פלעג זי געבען קרייטעכצער אויף אויסצורעכערען, ווען עס האָט איינעם געדרעהט אין אַן אויער.

געזעסען איז זי דאָרטען אין אַ קליין, נידעריקס שטובעל, אַ צונויפגעלייגט פון באַלקענס, מיט אַן איינציג פענסטערל, מיט אַ שטרויענעם, שוין שוואַרץ - געוואָרענעם דאַך, וועלכעס האָט אָבער פאַרמאָגט פון הינטען עטליכע פרוכטען־בוימער, אַ פּאָר באַרען, אַ פּאָר עפּעל־בוימער און אויך אַ צוויי פלוימען און אַ ווײנשעל־בוים, כמעט געווען אַ סעדעל, און פון פאָרענט האָט זיך אויסגעלייגט אַ גאָרטען, ביי וועלכען מען האָט געדאַרפט לאַנג שפּאַנען, ביז מען איז צו איהר שטובעל צוגעקומען.

האָט אָט די אַפקע געהאַט אַ זינדעל, אַ טימאָפּיי, וועלכער פלעגט זיך אויך אָפּגעבען מיט טויבען.

אויף די שפּיצען פון צוויי הויכע סטויפּעס, אין מיטען גאָרטען, האָט זיך ביי איהם געפונען ארויפגעשטעלט אַזוינע בוטקעלאַך, ווי שטובעלאַך, נאָר מיט האַלב־קיילעכדיקע לעכער, ארורך וועלכע די טויבען פלעגען אריין און ארויס — געווען טאַקע ריכטיגע טויבען - שלאַגס! און די טויבען האָבען זיך ביי איהם געקענט אויפשפּרייטען איבער'ן גאָרטען, אין די בוימער, אויף די צווייגען; שוין גאָרניט אַזוי ווי ביי משה־

קעצעלען, ארום װעלכענס שטוב עס איז ניט געוואקסען אפילו קיין גרעזעל.

אָבער, װען דער משה האָט ארויסגעלאָזען זיינע טויבען, האָבען זיי זיך באגעגענט מיט דעם טימאָפייעס און דוקא גע־שלאָסען מיט זיי א כאװערשאפט, און אזא מין כאװערשאפט, אז פילע פון זיי האָבען פארלאָזען זייערע גוטע, טימאָפייס טויטויבען־שלאגס, מיט'ן גאָרטען, מיט די בוימער און איבער־געפלויגען מיט די ערשטע אין טויבען־שלאג, ביי משה'ן.

אז דער טימאָפיי האָט עס אויסגעפונען, איז ער, פארשטעהט זיך, געװאָרען ניט צופרידען. דער סוף? — משה האָט איהם געזאָגט עטליכע מאָל, אז ער וויל ניט זיינע טויבען און אז עס איז ניט זיין שולד! דאָך, איין מאָל, װען ער איז געגאנגען אין דער גויאישער גאס, האָט ער איהם באקומען, איהם צובײַלט און צושלאָגען; ער האָט אויף איהם אָנגערייצט זיינע צוויי גרויסע הינט, האָבען זיי געביסען און געריסען פון איהם שטי־קער. זיינע געשרייען האָבען ארויסגעבראכט פון די דערבייאיגע הייזער א פאָר גויעס, האָבען זיי די הינט מיט דעם טימאָפיי אָפּגעטריבען. ער איז אָבער שוין געלעגען אויף דר'ערד, שטיקער פלייש מיט די קליידער פון די פיס און פון די הענט—געהאָנגען ביי איהם און בלוט האָט פון איהם גערונען! ... די מאמע איז געקומען צולויפען מיט נאָך מענשען, איהם געטראָגען אהיים.

א צייט איז ער פון דעם געלעגען אין שטאָדטישען שפיטאָל, וואו ער האָט געשוועבט צווישען לעבען און טויט. װען ער איז ארויס פון געפאהר און איז געקומען אהיים איז שוין געװען ביי איהם: אויס טויבען,—ניט געטראָפען אפילו קיין איינע . . .

## איבער א האָהן „קוקעריקערו"! „שמע ישראל!"...

דער זעלביגער משה, אָדער מאָרים, האָט גאָרניט געגעסען קיין עוף. ער פלעגט יאָ פארזוכען א שטיקעל פלייש. פארוואָס האָט ער ניט געגעסען קיין עוף? איז לויט, ווי ער האָט עס איבערגעגעבען, איז דאָ אויך געװען מיט איהם אזוי די געשיכטע:

װען ער איז אלט געװען א יאָהר ניין, איז דאָך זיין טאטע

געוועזן געשטאָרבען, איז זיין מאַמע געבליבען אַן אַלמנה, מיט איהם און מיט נאָך קינדער. וואָס־זשע האָט זי געזאָלט טאָהן? האָט זי גענומען אַ קאָשיק, אַריינגעלייגט אין איהם עטליכע קלעצעלאַך־בייוועלאַך, איינינגע פודעלאַך־שוועבעלאַך, אַ פּאָר בריוועלאַך־נודלען, אביסעל ליכט, אַ צאָל קנעפּלאַך און איז אַוועקגעגאַנגען דערמיט אויף די דערבייאיגע דערפער פאַרהאַנדלען עס צו די פּויערים.

עס האָבען זיך געפונען צווישען זיי עטליכע, ניט קיין שלעכטע פּויערטעס, וועלכע האָבען איהר דערקענט מיט איהר מזל; האָבען זיי אויף איהר רחמנות געהאַט, איז אַז זי פלעגט קומען פאַר זייערע פּלייטען, פלעגען זיי פּאַרטרייבען די הינט, וועלכע האָבען געהאַוקעט און געשפּרונגען אויף איהר, זי צו־רייסען. זיי פלעגען איהר אַריינברייגען אין זייערע כאַטעס, קויפען ביי איהר די זאַכען, וועלכע זיי האָבען טאַקע געהאַט נויטיג, און אַחוץ דעם, פלעגען זיי איהר אָנלייגען אין קאָשיק אביסעל קאַרטאָפּליעס, ציבעלעס, פאַסאָליעס, איינינגע אייער, מיט וואָס זי האָט שוין געשפּייזט זיך מיט די קינדער.

איין מאָל האָט אַ פּויערטע, וועלכע איז געפאָהרען אין שטאָט אַריין, אַפילו געבראַכט איהר אַביסעל מעהל מיט אַ פּאָר היהנ־דעלאַך, זאָגענדיג איהר: נאַ, האָדעווע זיי אויף, וועלען זיי דיר לייגען אַ פּאָר אייער!

איז אָבער איינס פון זיי טאַקע געוואַקסען אַ הוהן, און דאָס אַנדערע — אַ האָהן — אַ געלעגאַנסקער האָהן! דער האָהן איז אויפגעשטויגען אַזוי גרויס—העכער פונ'ם טיש! ער פלעגט אַרומשפּאַנען דורכאויס איבער'ן שטוב, אין די אַלקערס, אַז מען האָט זיך געזעצט עסען, פלעג ער פּיקען גלייך פון טעלער. טאָמער האָט מען איהם געוואָלט אָפּטרייבען, פלעג ער צושפּרייטען די פליגעל, אַוועקשטעלען זיך שלאָגען. מיט'ן רויטען קראַן, מיט די קיילעכדיגע, געלע אויגען, מיט דער רויטער באָרד און קולות: קאָ, קאָ, קאָ, האָט ער געטאָהן אַ שפּרונג און געגעבען אַ פּיק, ווי עס האָט געקענט ווערען אַ לאָך אין האַנט! די שכנים אין די אַלקערס האָבען זיך ניט געקענט זעצען עסען מיט אַ רוהיגען געמיט איבער איהם. היינט, זיין קרעהען, עס פלעג אויפוועקען

ניט נאָר די שכנים—די גאַנצע גאַס! איטליכער האָט שוין דאָר־טען געקלערט, ווי אַזוי פון איהם פּטור צו ווערען.

איטליכער, דאָרטען—אָבער ניט משה!

משה, גראַדע, האָט פון דעם האָהן אָנגעקוואָלען! און געווען מיט איהם, אַזוי צו זאָגען: דער בעסטער גוטער ברודער! ער פלעג איהם גלעטען פאַר'ן האַלז, איבער די פליגלען, דערלאַנגען איהם עסען גלייך פון דער האַנט, פון דעם אויפּען—זיך כסדר געשפּילט מיט איהם און געקליבען נחת פון זיין גרויסקייט, פון זיין שטאַרקייט. דער האָהן איז צו איהם געווען צוגעלאָזען; ער איז ניט געשפּרונגען אויף איהם, ניט געפּיקט איהם, ער פלעג איהם כמעט אומעטום נאָכשפּאַנען . . .

איין מאָל האָט ער אַ פּיק געטאָהן אַ קינד אין הענטעל, וואָס איז געזעסען אין קינדער־בענקעלע און געגעסען קאַשקע, ווייל איהם, דעם האָהן, ווייזט אויס, האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס קינד וויל איהם ניט לאָזען מיטעסען. דאָס קינד איז זיך פאַרגאַנגען, מ'האָט עס קוים אָפּגעמינטערט, און וואו דאָס הענטעל איז ביי דעם געווען אויפגעלאָפּען ווי אַ באַרג! עס איז דאַמאָלט גע־וואָרען אַ גוואַלד, די שכנים האָבען גענומען שרייען אויף דער מאַמען, משה'ס מאַמען, איבער'ן האָהן) וואו זי האָט שוין דערביי באַשלאָסען איהם שיקען צום שוחט און טאַקע פּטור ווערען פון איהם:

איז עס געשעהען אין אַ טאָג פאַר אַ יום־טוב; זי איז גע־קומען אהיים אַ מידע פון די דערפער, וואו זי האָט די לעצטע טעג גאָר ווייניג געמאַכט פון איהר האַנדעל, און זי האָט זיך געפיהלט דערשלאָגען. האָט זי שוין גענומען דעם האָהן, פאַר־בונדען איהם די פיס, אַריינגעשטופּט אין אַ קאָשיק און געגעבען משה'ן טראָגען צום שוחט, אום עס זאָל שוין זיין פון איהם עפּעס פאַר'ן יום־טוב.

משה איז נאָך קיינמאָל ביי קיין שוחט ניט געווען און האָט דאַן גאָר קיין באַגריף ניט געהאַט, וואָס פאַראַ שליחות ער געהט דאָ אויספיהרען—ער געהט קוילענען דעם האָהן! . .

ביים שוחט, איז ער דעם טאָג ניט געווען דער ערשטער, האָט ער געדאַרפט וואַרטען; האָט ער דערווייל געזעהען ווי

אזוי דער שוחט קוילעט א הוהן; ווי אזוי ער פארדרעהט איהר די פליגעל, בייגט אריבער דאס קעפעל, שטופט ארויס איהר העלזעל, רייסט אויס פעדערען און געמאכט מיט'ן חלף: כיק!... און גלייך—ארויסגעקוועטשט איהר איבערגעשניטענעם פאר־בלוטיגען גארגעל, און ווי די הוהן האט זיך דערנאך געווארפען ביז זי איז אויסגעגאנגען..

ער איז ארויס מיט'ן האהן און האט זיך געפיהלט שטארק נישט גוט; אזוי, אז ער האט זיך ניט געקענט האלטען אנגע־שפארט אין דער וואנט און האט זיך אראפגעזעצט. ער האט געבראכען... און האט זיך אזוי פארפלאנטערט אהיים... ער'ט אריינגעלייגט דעם קאשיק מיט'ן האהן אין שטוב און אליין איז ער אוועק, זיך געזעצט לעבען א וואנט, ביי דער הויז.

שוין געווען שפעט, באלד נאכט. די מאמע זיינע, אזוי פאר'מרה־שחורה'ט, האט באמערקט דעם קאשיק, איז זי גע־גאנגען „מאכען" דעם האהן... דעם האהן האט זיך, ווייזט אויס, פארנאנדערגעבונדען די פיס און ווי זי האט אזוי אן עפען געטאהן דעם קאשיק האט ער געגעבען א שפרונג ארויס, זיך אוועקגעשטעלט, פארנאנדערגעפאטשט די פליגעל—אזוי אויס־געצויגען דעם האלז.. און האט אויסגעדוכנ'ט: קוקעריקערו!!

„שמע ישראל", האט זי אויסגעשריען, נישט מיט איהר קויל ... און—אוועקגעפאלען חלשות...

מען האט איהר געגוג געמינטערט, באגאסען מיט וואסער, ביז זי האט אנגעפאנגען קומען צוריק... וואס דערנאך איז געווען, איז שוין געווען, נאר פון דענסמאלט אן האט ער מעהר ניט גענומען קיין עוף אין מויל אריין. עס פלעג זיך איהם מיאוסען דערפון...

## ווען די קאץ האט אפגעביסען א פייגעלע מ'קאפ

שטייגעלאך מיט פויגעלאך, טשיזשיקלאך—זינגענדיגע פוי־געלאך. האט ער געהאלטען אלע זיינע בחור'שע יאהרען. איינגעל־וויים. האבען זיי געוואוינט אויסער'ן שטאדט, וואו ניט ווייט איז געוואקסען א וואלד, איז זומער פלעגט ער וויסען פון פילע נעסטען פון די פארשידענע פייגעלאך, וועלכע פלעגען גלייך

מיט'ן פריהלינג אנפליהען אהינצו. ער פלעג קומען אין איהם, קלעטערען צו די נעסטען, וועלכע איינינע סארטען פייגעלאך האבען זיך געמאכט הויך אין לעבער פון בוימער, און צושארען זיך צו יענע, וועלכע אנדערע מינים פייגעלאך פלעגען זיך אויס־פלעכטען אויף צווייגלאך און קושטעס, נידעריקע בוימלאך, און ער פלעג אפאכטען, ווי זיי האבען געלייגט די אייערלאך, דעם קאליר זייערן, און די צאהל און ווי אזוי זיי האבען זיי אויס־געבריהט. ווען די פויגעלאך פלעגען אווערען אויף זייערע אייערלאך, פלעגט ער זיי ברייננגען און צולייגען, בגנבה, זיי זאלען זיך ניט דערשרעקען, ווערעמלאך און קערנער. ער פלעגט ארויס־הויבען די אינגענקע און געבען זיי טרינקען אין זייערע פאר־גאנדערגעעפענטע פיסקעלאך פונעם מויל.

דער וואלד האט געערט צום פריץ און ניט אלע מאל איז געווען דערלויבט זייטיגע געהען דארטען. א וועכטער מיט א ביקס, מיט צעהנדליגער הינט פלעגט ארומשפאנען און היטען. האבען שוין מענשען מורא געהאט זיך באווייזען אין איהם, ווער שמועסט נאך: אידישע קינדער? אבער משה פלעגט זיך ארייגשליאכען!

אײן מאל האט איהם אפילו דער וועכטער געפאקט, וואו ער איז געווען ארויפגעקראכען אויף א בוים. האט ער זיך פריהער אפגעשטעלט אנקוקען וואס דער טוט; האט ער געזעהען ווי ער, משה, נעמט ארויס פון א נעסט אינגינקע פייגעלאך, גיט זיי עסען און לייגט זיי צוריק ארײן. איז ער, ווייסט אויס, ניט געווען קיין שלעכטער פאליאק, האט ער א געשריי געטאהן: זשיד, וואס טוסטו דארטען? משה, פארשטעהט זיך, האט זיך שוין איין מאל דערשראקען. אבער יענער האט אפגעטריבען די הינט, וועלכע זיינען געשפרונגען צו איהם אויף דער בוים ארויף און געווארענט איהם מיט דער ביקס ער זאל זיך אפטראגען. טאמער איז ביי איהם אין א שטייגעלע אויסגעגאנגען א פייגעלע, פלעגט ער עס אוועקטראגען אויף א ליידיגען פלאץ, אויסמאכען א גריבעל און באגראבען עס, ווי א מענשען.

אבער נאך דער חתונה האט ער שוין גערארפט פארנויגען —כמעט פארגעסען זיינע צער־בעלי חיים געפיהלען. פארוואס?

איבער זיין ווייבעל. געווען איז זי דוקא א גוטינקע, א שטי־לינקע, מיט אזא צארטען און ליבען שמייכעל, האָט זי אָבער אויך אויף א קאץ, נאָך, גאָרניט געטאָרט א קוק טאָהן . . מען זאָל אויף איהר אזוינס געווען ארויפליגען, וואָלט זי געשטאָר־בען . . אפילו א פייגעלע, אז זי האָט איין מאָל, אלס כלה פאר איהם, גענומען אין דער האנט אריין, האָט זי אדורכאויס געציטערט . . אז ווען זי לאָזט עס גלייך ניט אָפּ, וואָלט זי געווען גע'חלש'ט . . .

די ערשטע צייט נאָך דער חתונה, ווען ער פלעג קומען אהיים און זיך אזוי כסדר פארברייננגען ביי די שטייגעלאך, האָט זי איהם גאָרניט געזאָגט. ביז איין מאָל, וואו ער איז ניט געווען צו הויז, האָט געטראָפען:

פון א שטיגעלע איז ארויס א פייגעלע; האָט עס די קאץ געכאפּט און אָפּגעביסען עס דעם קאָפּ, אונטער'ן בעט! און זי האָט עס צוגעזעהען! . . . מילא, האָט זי געפיהלט זעהר שלעכט! זי האָט זיך ניט געקענט צולייגען אויפ'ן בעט; אונטען האָט זיך געפונען די קאץ מיט'ן פייגעלע, מיט'ן אָפּגעביסענעם קאָפּ . . . איז זי געגאנגען אהיים, צו איהר טאטע־מאמע. זי האָט שוין דעמאָלט „געטראָגען", האָבען יענע, ווי זיי האָבען עס דאן גע־גלויבט, נאָך מורא געהאט, אז עס וועט ביי איהר ארויס א קינד מיט עפּעס ערגעץ אן אָפּגעביסענעם פויגעלשען קאָפּ! . . .

הקיצור, זי איז שוין צוריק ניט געגאנגען צו איהם ביז נאָכ'ן איבערקומען, און דערנאָך האָט ער פריהערט געדארפט פאר־טאכלעווען די שטייגעלאך מיט די פויגעלאך, מיט אלץ מיט אן אנדער . . .

## ווען דאָס ווייב האָט איהם פארלאָזען

קינדער האָבען דאן ביי איהם פארנומען ס'אָרט. ער איז געווען זעהר אן איבערגעגעבענער טאטע; ער האָט זיי ארויס־געציינגט אָהן א שיעור געטריישאפט: באלד ווי ער איז ערשינען אין הויז, פלעגט ער זיך אָנהויבען האלטען מיט זיי. ער איז אויך אויפגעשטאנען עטליכע מאָל, ביינאכט צו זייער וויגעלע, אזוי, אז די מאמע אליין האָט שוין גאָרניט געקענט זיין צו זיי

בעסער. און דערביי, פארשטעהט זיך, איז איהם די קאָפּ אויך פאַרקלאַפּט געוואָרען מיט'ן פאַרדינען פאַר'ן לעבען.

יאָהרען האָבען זיך אַזוי איבערגעקייקעלט, וואו פון די אַנ־דערע באַשעפּענישען ביי איהם אין הויז קיין געדעכעניש געוועזן. דאָך, אין אַ פרייער שעה, אַז ער איז פאַרביי׳געגאַנגען אַ געשעפט פון פויגעל, פון חיות, פלעגט ער בלייבען שטעהען אַ צוגעשמידטער. אין דעם מאָמענט האָט ער באַגערט צו זיין נאָהענט מיט די פייגעלאך, מיט די קראַליקלאך, מיט די טייבעלאך, געבען זיי צערטליכקייט, ווייזען זיי פריינדשאַפט... ווידער, ביי דער ארבייט, ווייזט אויס, דערמאַנט זיך איהם אַלעמאָל אָט דער באַגער און ער זינגט איהם אַזוי אויס אינ'ם „פויגעלע איז געפלויגען איבער אַלע ים'ען."

אמלעצטענס אָבער, איז געשעהען, ווי ביי מאָרים'ן הענגט ווידער אַ שטייגעלע מיט צוויי קאַנאַריללאך. ער פאַרמאָגט אויך אַ הינטעל און אַ קאַץ געפינט זיך ביי איהם אין שטוב. ווען זיינע קינדער זיינען שוין אַלע געוועזן אויסגעוואַקסען, וואו יע־דערער פון זיי—שוין אוועק פאַר זיך, האָט ער די אויבענדער־מאַנטע זאַכען געבראַכט צו זיך אין הויז אריין. זיין ווייב דער־זעהענדיג דאָס, האָט איהם גאָרניט געזאָגט; זי האָט איהם שוין אַ צייט אַזוי אויך גאָרניט געזאָגט . . . נאָר זי איז געוואָרען נאָך גרינער, נאָך טונקעלער. . זי האָט דערבליקט, ווי ער האָט געגלעט די קאַץ, האָט זי זיך שוין דערפיהלט גאָר ענג און זי איז אַרויס פון שטוב און געקומען צו דער טאָכטער, שטעהן ביי איהר . . .

מאָרים, בלייבענדיג אַליין, קומט נעבאך אָפּ מיט די מאָל־צייטען, מיט די וועש, מיט'ן געלעגער. אָבער ער שווייגט! ער געהט ניט רופען די ווייב צוריק, ער באַקלאָגט זיך ניט פאַר קיינעם. אַז ער קומט אין שטוב אַריין, פאַרנעמט ער זיך מיט די קאַנאַריקלאך, גיט זיך אָפּ מיט'ן הינטעל און צערטעלט די קאַץ . . . און ביי דער אַרבייט זינגט ער זיך מיט מעהר הארץ, מיט אַ ווייטאָגליכען בוויג מיט'ן פנים:

„דאָס פייגעלע איז געפלויגען . . ."

## „קום, קום, ישראל׳עקיל, אחיים"

דריטע דערצעהלונג

די פיער אויפפאַסונגען:

1) אברם—אברהם
2) ניט בעסער ווי אין סדום
3) אבראשא
4) אביש

אינהאַלט פון דער ערשטער אויפפאַסונג:

1 — אברם—אברהם
2 — וועגען דער באבע, שרה׳ן
3 — אברהם—ערירי
4 — אברהם—במחזה

פון דער צווייטער:

1 — חיים־שמואל, דער צופליקטער
2 — אן איש, תם וישר
3 — אבי פון א רעב שמואל׳ן
4 — גאָלדעלע—א יתומה
5 — א שרעקענדיגע געשיכטע
6 — קוואטש, קוואטש; קוואטש, קוואטש
7 — אוי, כלה׳ניו, כלה׳ניו, וויין־זשע, וויין!
8 — אין אן אייגענער וועלט מיט א וואונדערליכען מלאך
9 — דער אויבערשטער איז נאָך ניט געשטאָרבען
10— אברהם׳צעניו
11— אבראמעניו
12— אברעמעלע
13— ווי אן אַלטער פאסטוך

פון דער דריטער אויפפאַסונג—אבראשא

1 — מיט די נאַקעטע קינה אויף הייסער, הירזשענער קאשע
2 — אוי, אבראם

פון דער פערטער—אביש

1 — אין דער אסאכע
2 — שיעור ניט פארברענט, שיעור ניט דערטרונקען

# „קום, קום, ישראל'עקיל אַהיים"

## דריטע דערצעהלונג

### ערשטע אויפפאַסונג

פון די לעצטע צוויי, האָט איינער געזינגען לידער פון דער בענקשאַפט נאָך ציון; דער צווייטער—לידער פאַר פרייהייט, גלייכהייט און ברודערליכקייט.

דער ערשטער איז געווען א רויטליכער; ביים זינגען פלעג זיך אַלעמאָל א רויטקייט איהם אויפשפּילען אין די באַקען און פאַרוואַנדלען זיין פּנים, ווי אין אַן אַשיגען קאַליר. ער פלעגט זיך כסדר האַלטען זעהר ציכטיג און האָט געמאַכט דאָס גלאַט־סטע שטיקעל ארבייט. האָבען, אָט די אייגענשאַפטען זיינע, אַרויסגערופען פון די איבעריגע צו איהם אָפּשיי, וואו מען האָט איהם קיינער ניט געשטערט אין זיין זינגען. ער האָט ניט פאַר־מאָגט קיין שטימע. ער פלעג אָבער מיט אַזאַ האַרציגען און געטרייען טאָן א גאַנצען טאָג, העכער און נידעריגער אַרויס־ברייננגען: „קום, קום, ישראל'יקעל אַהיים"! אָדער: „ציון, ציון, דאָס היילינע לאַנד." ביים אַרויסזינגען: „פאַרגעסען זאָל איך אין מיין רעכטער האַנט", פלעג איהם ס'גאַנצע פּנים א פלאַקער טאָהן.

דער צווייטער, וועלכער האָט געזינגען פרייהייטס־לידער, איז געווען א הויכער און א סטולעוואַטער, מיט א סך בלאָנדע האָר אויפ'ן קאָפּ און אויף די הענט, מיט א נאַאיוו פּנימ'על, מיט קאַליע אויגען.

דער האָט זיך אויפגעפיהרט גאָר נאַכלעסיג: דאָס אָנטאָן, די הויזען, די העמד, האָט אויסגעזעהען ווי אַרויפגעשלעפּט אויף איהם; די אַרבעל זיינען ביי איהם צומיינסטען געווען ניט פאַר־קאַטשעט, ניט פאַרשפּילעט און האָבען זיך אַרום זיינע הענט גע־קאַלאַטשעט. ער'ז אויך געווען ניט קיין גוטער בעל מלאכה. וואָס אַן אַנדערען אויף זיין אָרט, וואָלט מען ניט געהאַלטען. ער האָט אָבער פאַרמאָגט א נאַטור, וועלכע האָט איהם געמאַכט

באַליעבט: טאָמער האָט ער באַמערקט ווי איינער דאַרף עפּעס איבערקעהרען, פלעגט ער באַלד אויסוואַקסען לעבען איהם, צו העלפען; איז ער געגאַנגען געבען אַ טרונק, פלעג ער צוריק מיטברייננגען פאַר אַן אַנדערען אַ גלאָז־וואַסער. ער האָט קיינ־מאָל ניט געזוכט אַ צווייטען מיט עפּעס וועה צו טאָהן; חבר, ברודער, פלעג ער מיט אַ נאַאיווען, אָבער גוטען אופן יעדערען רופען! און אַנדערע פלעגען צוקומען פאַרריכטען, פאַרגלעטען זיין אַרבייט.

אָבער נאָך אַ בעסערען געפיהל צו זיך האָט ער אַרויסגע־רופען מיט זיין זינגען. גראַדע האָט זיך ביי איהם געפונען אַ היבשע, באַסאָווע שטימע, מיט וועלכע ער וואָלט געקענט מאַכען אַ פיינעם חזן. ער פלעג געבען אַ געמבע אַרויס: שטעהט אויף, איהר אונטערגעדריקטע מאַסען — האָט דער גאַנצער פּלאַץ, ווי אויפגעציטערט און אַלע, דאָרטען, זיינען טאַקע, געוואָרען ווי אויפגעוואַכט און ווי אָפּגעפרישט און האָבען גענומען אַרבייטען מיט מעהר אימפּעט. דער בעל הבית האָט עס באַמערקט און לויט ווי עס האָט געשיינט, האָט ער דאָס איהם צוגערעכענט פאַר אַ מעלה, אַנדערש וואָלט ער עס איהם דאָך געשטערט.

ווי די צוויי האָבען פון די ווערטהען, ביי דער אַרבייט געזונגען, אַזוי פלעגען זיי יעדערער ביי די אָנבייסענס, ווען מ'האָט שוין, ווי געוועהנטלאַך, געכאַפּט אַ שמועס, שטרייטען פאַר זיי מיט די איבעריגע.

דער זינגער פון דער בענקשאַפט נאָך ציון איז ניט געווען קיין איבעריגער ריידער. ער פלעג ניט זיין דער ערשטער אָנ־צופאַנגען מיט אַ צווייטען טענות. נאָר, אַז ער האָט געהערט, ווי אַנדערע אַמפּערען זיך און וואו איינער גיט אָן עפּעס ניט קיין איינשטימיגע מיינונג מיט'ן ציון־געדאַנק, האָט ער זיך צוגעשטעלט זאָגען דאָס וואָרט . . .

ניט בלויז די באַקען, דאָס גאַנצע פּנים האָט איהם דערביי געפלאַקערט, און אַרויסגעקומען אָנצונעהמען זיך פאַר דער ציון־אידייע איז ער ניט מיט קיין וואוילקענעדיגע באַווייזען. ווי אויך האָט ער ניט אַרויסגעבראַכט קיין הויכגעלערנטע שפּרוכען,

פראַזען; ער פלעג אַרויסלעגען עפּעס אַזוינס, וואָס ער האָט אַליין אַדורכגעמאַכט און דערמיט האָט ער אַריינגעפיהרט די אַלע, וועלכע זיינען איהם אַנטקעגען געשטאַנען אין אַ מרה־שחורה, אַז קיינער פון זיי האָט שוין מעהר גאָרניט געזאָגט און זיי זיינען שוין געגאַנגען אַזוי צוריק צו דער אַרבייט.

ער איז געבוירען, לויט דעם, וואָס ער'ט פאָרגעגעבען, און ערצוייגען געוואָרען לעבען אַ דאָרף. ער האָט זיך ליט באַנוצט מיט קיין הויכגעלערנטע אויסדרוקען, ניט מיט קיין אידישע, ניט מיט קיין אַנדערע; ער האָט ניט געוואוסט פון זיי. ער האָט קיין גמרא ניט אָנגעהויבען, קיין פּסוק ניט געלערנט, קיין חומש ניט געקענט און אינעם סידור אפילו, האָט ער גיכער אַריינגעקוקט אַזוי ווי אַ „האָהן אין בני אדם“, ווי מען זאָגט. און זיינע געפיהלען פאַר ציון האָבען שוין וויניג וואָס געהאַט צו טאָהן דערמיט, וואָס אַמאָל האָבען זיך דאָרטען, אַרום ציון, אַרויסגעבראַכט די מעהרסטע פון די דערמאַנטע געגענשטאַנדען. ער האָט זיי צום ערשטען אָנגעפאַנגען אַריינצוקריגען, ווי אַ ירושה, ווי צו זאָגען, פון זיין זיידען, אברהם . .

אָבער ניט פון דעם זיידען, אברהם, וועלכער האָט שוין ביז'ן ברית געהייסען: אברם, וואָס ערשט נאָך דעם ווי ער האָט זיך מל געוועזן, וואָס ער האָט עס פּילייכט אַליין אויסגעפיהרט און ניט נאָר אויף זיך, אויך אויף איבעריגע, וועלכע זיינען געוועזן מיט איהם, האָט ער עס אַדורכגעפיהרט, אַזאַ גרויסער איז ער שוין געוועזן, האָט איהם דער אויבערשטער באַפוילען שוין צו רופען זיך: אברהם. נאָר, ווי געזאָגט פון זיין אייגענעם זיידען, וועלכען מען האָט טאַקע אויך באַר'ן ברית, אָבער אַכט טאָג נאָכדעם, וואו די מאַמע איז מיט איהם געלעגען געוואָרען, גלייך אַ נאָמען געגעבען: אברהם! ווען ער'ז אַלט געוואָרען אַ יאָהר ניין, האָבען איהם כאַפּונעס אַוועקגעכאַפּט און איהם איבערגעענטפערט פאַר אַ סאָלדאַט צום קייסער פון דאָרטען, האָט מען איהם אין דער סאָלדאַטעריי פאַרצויגען: אבראַשאַ, און ווען ער האָט אָפּגעדינט 25 יאָהר, וואו מען האָט איהם דערלויבט דערפאַר צו באַזעצען זיך אויף אַ גרונט לעבען אַ דאָרף, האָבען איהם די פויערים פונ'ם דאָרף גערופען: אַביש.

## אברם—אברהם

—אייגענטליך, איז דאָך ציון, אַליין, איבערגעגאַנגען אַלץ אַ ירושה צו די אַלע, וואָס בענקען און גלוסטען אהינצו, פונ׳ם זיידען, אברהם, וועלכען מ׳האָט שוין פריהערט גערופען: אברם. ווען ער האָט עס אַרויסגעקראָגען פונ׳ם אויבערשטען פאַר זיינע לייסטונגען צו איהם, האָט ער עס איהם אַליין געזאָגט, אַז ער שיינקט עס איהם אַוועק, אַז עס זאָל שוין בלייבען פון איהם אַ ירושה פאַר זיינע אייניקלאָך אויף אייביג און ווייטער! און אַזוי איז עס טאַקע אַריינגעשריבען געוואָרען אין דעם „בוך פון די ביכער“.

עס ווערט דאָרט איבערגעגעבען, און נאָך ווי פילע ברענגען עס פאָר, איז דער זיידע, אברהם געווען דער ערשטער, וואָס האָט זיך אָנגענומען ביים „אידישען“ גלויבען . . . נו, איז ער שוין דערפאַר אין אור־כשדים, וואו דאָס איז מיט איהם פאָרגעגאַנגען שוין פיעל געפּראוווט געוואָרען; מען האָט איהם מיט אַן אויסגעשאַרפטער שווערד געשניטען דעם האַלז, מען האָט איהם אַריינגעוואָרפען אין אַ בראַנדיג־צוגליהטען קאַלך־אויווען, אין וועלכען מען האָט דאָס פייער אָנגעצונדען און געברענט מיט אַ צייט פאָראויס; אַזוי, אַז די פלאַמען פון איהם האָבען זיך שוין געוויקעלט עד לב השמים — ביז אונטער׳ן הימעל.

ווי עס ווערט באַשריבען:

דער זיידע, אברהם, איז דוקא ניט אַרויסגעקומען פון די פראָסטע שאַלעשידעסען. — שלש־סעודות׳ן, פון די, הייסט עס, וואָס האָבען ניט צו אכלען דריי מאָל אַ טאָג; נאָר, ער האָט געשטאַמט פון די גאָר גרויסע אדונים, פונ׳ם הויכען פון דעם גאָר געהויבענעם אדעל, פון די פרינצען, פון די פירשטען. זיין טאַטע, תרח, ווי ער׳ט געהייסען, איז געווען אַ שמעלקע, שעבי־שמעלקע מיט׳ן קייסער אַליין אין יענער פאַרצייטיגער מדינה. דערצו איז ער נאָך באַזעסען עפּעס אייגענשאַפטען פון אַ קינסט־לער: ער האָט אויסגעהאַקט פון שטיין, אָפּגעשניצט פון האָלץ און אָפּגעמאָהלט גאָטען־געצען, פאַר וועלכע מענשען האָבען

זיך געקניהעט און געביקט, ווייזט אויס—געווען עפּעס אַ מין „מעכעל־אַנשעל" אין יענער, אַמאָליגער מדינה. ער האָט זיך שוין געהאַט אַריבערגעצויגען מיט איהם, מיט דעם אברם'ען, ווי ער'ט נאָך דעמאָלט געהייסען, און מיט'ן איבעריגען הויז־געזינד קיין חרן.

אָבער נאָך דעם ווי דער תרח, אַליין, האָט זיך שוין איבער־געקליבען אויף יענער וועלט, האָט דער זיידע, אברהם, טאַקע צוליעב זיין אידישען גלויבען, ווי עס קוקט אויס פון דאָס באַ־שריבענע, געדאַרפט אַרויסגעהן פון זיין לאַנד, אַוועק פון זיין געבורט־אָרט, פאַרנעהמען זיך פון טאַטענ'ס הײם און זיך לאָזען אויף אַ וועג, ביז עס וועט זיך איהם ווייזען אַן אַנדער, עפּעס אַ פרייער אָרט, מסתמא . . .

ער האָט גלייך מיטגענומען זיין הויז־געזינד, איינגעזאַמעלט זיין באַלעבאַטישקייט, זיין דינערשאַפט, ער'ז פאָרט ניט געווען אַבי ווער, נאָר עפּעס אַ פּרינץ, אַ פירשט . . . אַז זיינע אייניק־לאך, נאָך ביז היינט־צו־טאָג; פאַר דעם אייגענעם אידישען גלוי־בען, שניידט מען טאַקע איבער די העלדזער, מען פאַרברענט און מען פאַרבראָט זיי טאַקע אויף טויט, און זיי לויפען פון לאַנד צו לאַנד, איז דאָך אָפּגערעדט, נאָר אויך צו פילע אַנדערע, וועלכע האָבען זיך אָפּגעפונען אַ נייעם מין סאָרט גלויבען, איז עס אויך אַזוי געשעהן. נאָך אַזוי, האָט עס אַפילו פּאַסירט מיט די ערשטע צעטלערס פון אַמעריקע.

אין יענע צייטען, אין דאָרטיגע מקומות, האָט מען נאָך גאָרניט געוואוסט פון קיין באַהנען און אַוודאי ניט פון קיין אייראָפּלאַנען. נאָר מלאכים זיינען געפלויגען אין דער לופטען פון איין אָרט צום אַנדערן . . . איז דער זיידע אברהם, אָדער נאָך אַבּרם, געפאָהרען רייטענדיג אויף אַ קעמעל. אַזוי אויך זיין הויז־געזינד און די איבעריגע מיט איהם. און אפשר האָבען זיי אויך געריטען אויף אייזעלאך? . . . ער האָט געפיהרט מיט זיך די שאָף מיט די רינדער, די בהמות מיט די ציגען. עס זיינען נאָך דעמאָלט אין ערגעץ ניט געווען אָפּען קיין יאַטקעס. וואו מען זאָל קענען יאָ, אָדער ניט קויפען אַ שטיקעל בשר . . . עס זיינען נאָך אויך ניט געווען אויפגעמאַכט קיין קלייטלאך, וואו

צו פרעגען אויף אַ פּעטעל־פוטער מיט אַ קוואָרט־מילך. זיי האָבן נאָך אויך ניט געקענט זיין אָט די באַקוועמליכקייטן: דער זיידע אברהם, אָדער אברם, איז דערווייל געווען דער איינ־ציגער איד . . . ער האָט אַלעמאָל זיך געדאַרפט אָפּשטעלן אויף פּלעצער, לאָזן די שאָף מיט די רינדער זיך אַביסעל אונ־טערפּאַשען, און מען קען זיך פאָרשטעלן, אַז ער איז פאַר־ברענט און פאַרשוואַרצט געוואָרען פון דער־זון, פון די רעגנס, פון די ווינטען.

ער האָט אויך געהאַט מיטגענומען מיט זיך זיין פּלימעניקעל, לוט'ן, ווייזט אויס, איהם ניט פיינט געהאַט . . . און לויט ווי עס ווערט באַשריבען, האָט יענער געטריבען: באַזונדער, די שאָף מיט די רינדער. האָבן זיך אָט דעם לוט'ס פּאסטוכער אילע מאָל געקריגט מיט'ן זיידענס; וואָס איז? טאָמער האָט איהם'ס אַ שעפּעלע אָפּגעביסען אַ שטיקעל גראָז אין זייער גבול! . . . האָט עס איהם שוין פאַרשאַפט ערגערניש . . . אַ פּאָר מאָל האָט ער זיך געדאַרפט איינשטעלען אָפּצוראַטעווען דעם לוט'ן ס'לעבען; אין איין פאַל, וואו ער איז געווען פאַרמישט אין אַ מלחמה און מען האָט איהם, דעם לוט'ן געפאַנגען גענו־מען, און ביי אַ צווייטען, פונ'ם „אויבערשטען", וואָס ער איז געגאַנגען איבערקעהרען סדום פאַר איהר שלעכטע און מיאוס'ע חפציות און דער לוט האָט שוין דאָרטען אויך געוואוינט. ער האָט איהם קוים ביים אויבערשטען אָפּגעבעטען. עס זאָגט זיך אַפילו, אַז דער אויבערשטער האָט דעם לוט'ן צוליעב אברהם'ען געשוינט . . .

ער האָט איבערגעשפּאַנט ערטער, אַזוי מיט די קעמלען, מיט די שאָף און רינדער. ער איז שוין געווען אין כנען. האָט זיך דאָרטען ווידער געטראָפען אַ הונגער, אַזאַ מין, אַז עס איז איהם אויסגעקומען, כאָטש געה אויס מיט אַלעמען צוליעב'ן שטיקעל אכילה; נעמט ער ווייטער דעם וועג: פון געגענט צו געגענט און נידערט זיך שוין אַזוי קיין מצרים.

דאָן, ווען ער האָט שוין דערגרייכט אַהינצו, האָט ער איבער זיין אייגענער אידענע, איבער דער באבע שרה'ן, אָדער שרי,

ווי איהר נאָמען איז נאָך געווען, געדאַרפטביישטיין א שווערען ניסיון!

פאָרגעגאַנגען איז פאַר איהם דעמאָלט, ווי עס ווערט באַשריבען, אָט־וואָס:

## ווענען דער באבע, שרה

די באבע, שרה, ווערט טאקע אינ'ם בוך פון די ביכער אונטערגעשטראָכען, איז געווען גאָר א שעהנע און זעהר א חנ'עוודיגע אידישקע. זי האָט מסתמא געדאַרפט האָבען גרויסע, שוואַרצע אויגען און עס האָט זיך אין זיי תמיד געמוזט שפּיגלען א גוטקייט, א פריינדליכקייט. זי האָט נאָך אפשר אויך פאַרמאָגט חן־גריבעלאַך אין די באַקען. אז א ליבען, האַרציגען שמייכעל האָט זי געהאַט, איז זיכער. — אין פּסוק שטעהט: „ותצחק שרה בקרבה" . . ווי די זון מיט איהר וואַרעמקייט, אזוי האָט זי זיך געשטאַהלט צו אַלעמען און גאָר מיט איהר האַרציגען, קלוגען שמייכעל. אפילו אין אזא מאָמענט, ווען מלאכים האָבען איהר פאָראויסגעזאָגט, אז זי וועט מירצעשעם, איבער א יאָהר, געלעגען ווערען מיט א זוהן, האָט זיך איהר קלוגער שמייכעל א שפּרייט געטאָהן איבער איהר געזיכט; וואָס איז, זי האָט געדענקט, אז זי'ז שוין ניט גענוג יונג פאַר דערפאַר. זי האָט מין הסתם אויך געמוזט זיין א הויכע, א שלאַנקע, מיט אַנטוויקעלטע ברוסטען און אויך מיט געגרויזטע האָר . . . אזוינע סמנים געפינט מען נאָך ביי איהרע אייניקלעך! אָבער דערצו נאָך האָט זי אָפּגעשטאַמט פון די אריסטאָקראַטען און איז באַזעסען פיינע מאַניערען און האָט זיך פאַר יעדען געוויזען מיט טאַקט און מיט איידעלקייט . . .

די מצרים, ביי יענער צייט זיינען געווען גאָר מיאוס'ע בריאים. אז זיי האָבען אויף איהר א קוק געטאָהן, זיינען זיי ממש געפּלעפט געוואָרען! . זיי האָבען זיך גאָרניט געקענט אָפּוואונדערען און אָפּרעדען פון דער פּראַכטיגקייט פון דער שעהנער אידישקע! . . . אזוי, ביז זיי האָבען עס דערטראָגען צו פּרעה'ן, צום קייסער, זייערען, דעמאָלט.

הייסט זיך דער פּרעה זי ווייזען! און ווי נאָר ער האָט איהר דערבליקט, ווערט ער זעהר ענטציקט און עס קומט איהם ארויף דער געפיהל, אַז דאָס איז זי, די שעהנע באבע, שרה, אָדער נאָך שרי, פון זיין האַרצען דער ציעל! . . .

פרעגט ער גלייך דעם זיידען, ווער און וואָס זי איז צו איהם.

דעם זיידען, אברהם, אָדער נאָך אברם, האָט דאָס האַרץ שוין פאָראויסגעזאָגט, וואָס דאָ וועט געהען פאָרקומען; האָט ער אָפּגעמאַכט מיט דער באבען, אַז זי זאָל דערקלערען, דאָס זי איז זיינע אַ שוועסטער: ער'ט מורא געהאַט, טאָמער זאָל ניט עפּעס אַ מצרי איבער איהר שעהנקייט ניט זוכען איהם אָפּצו־ראָמען פונ'ם וועג . . . דאָ נאָך פאַר דעם פּרעה'ן, האָט דאָך יענער מיט אָדער אָהן מאַכען אויף איהם אַ בלבול, געקענט באַ־פעהלען אודאי איהם אָפּצוהאַקען דעם קאָפּ מיט דער לאַנגער באָרד, מסתמא . . מה דאך, היינטיגע הערשער טוען אַזוינע זאכען און עס איז גאָרנישט מיט גאָרנישט, אקאַלשקען—הכל שכן—אַמאָליגע? ווער האָט זיי דען געשטעלט קשיות, אַפילו? מ'האָט גלייך אויסגעפיהרט וואָס זיי האָבען געהייסען. און ער האָט געענטפערט, אַז זי איז זיינע אַ שוועסטער.

דעמאָלט האָט איהם שוין דער פּרעה אַפילו דערלאַנגט מתנות. אָבער זיי זיינען איהם גאָרניט איינגעגאַנגען.

האָט דער זיידע, אברהם גאָרניט פיינט געהאַט דער באבע, שרה'ן, לויט עס ווערט באַשריבען, איז זי ביי איהם געווען זעהר טייער און ער האָט איהר אימער געהאַלטען געהעכט און גע־קרוינט און ער האָט איהר אין יעדער זאַך נאָכגעגעבען.

—אַ סך פון זיינע איניקלאַך באַנעהמען זיך נאָך עד היום מיט אַזאַ שטייגער צו זייערע ווייבער. כאָטש וואָס אַ געגוגענדע צאָהל פון זיי זיינען גאָרניט קיין שעהנע; זיי האָבען גרויסע נעז . . . מיט ברייטע מיילער, מאַכען גאָרניט קיין פיינעם געשטעל, זיינען אויך שטענדיג בייז, ווארפען קיינמאָל קיינעם ניט צו קיין פריינדליכען בליק, נאָר זיי שעלטען מיט טויטע קללות, מיט חרמות, — יענטע־טעלעבענדעס ... באַזיצען גאָר־ניט קיין גוטע מאַניערען, זיינען שלאַפּוטוכעס, שטופּען זיך אומעטום אָהן טאַקט, אָהן איידעלקייט . . . פונדעסטוועגען,

אז טאָמער מאַכט זיך, אז עס קומט ארויף אַמאָל עפּעס א מין פּרעה . . . און זוכט אוועקצונעהמען אזעלכע ביי איינעם, איז ער גאָרניט צופרידען ... היינט, ווי אזוי האָט עס איהם שוין געקענט איינגעהען? — זי, די באבע, שרה, איז דאָך געווען אזא שעהנע, אזא חנ'עווריגע און וואָס פאר א מין אידעלע? ער'ט זיך אודאי געקעהרט זעהר פיעל ערגערען, זיך אָפּעסען דאָס הארץ—גאַנצע נעכט ניט געשלאָפען! ... וואָס פאר א מאכל ער האָט פאַרזוכט, אז ער איז געקומען אין הויף אריין צו פּרעה'ן און ער האָט געדאַרפט שפּילען מיט איהר די ראָליע, ווי א ברודער מיט א שוועסטער, קען מען זיך שוין פאָרשטעלען, אז עס איז איהם געווען א גוטער טעם! ער'ט, ווי א „ברודער,", מסתמא, נאָך איהר געקענט א קוש טאָהן? ער האָט געמוזט ביישטעהען א שווערען נסיון! . . .

צום גליק, קוקט עס אויס, האָט איהם די באבע, שרה, אָדער נאָך שרי, ווי זי האָט נאָך געהייסען, אויך גאָרניט פיינט געהאַט; זי האָט געהאַט א שאַנץ צו ווערען די קייסערינ יע פון מצרים; זי האָט אָבער, וואַרשיינליך, ניט געוואָלט וויסען פון דעם פּרעה'ן מיט זיין גאַנצער גדולה! ווייל זי האָט זיך אומגעקערט צוריק צום זיידען . . . און ער, ווי נאָר ער'ט איהר ארויסבאַקומען, האָט ער זיך שוין ביי דעם פּרעה'ן ווי אין דעם מצרים מעהר גאָרניט פאַרזאָמט! . . .

געלאָזט ארויס האָט ער זיך פון דאָרטען מיט דער זייט, מיט וועלכער ער איז געקומען אהינצו. דער וועג איז איהם דאָס מאָל געווען א שווערערער; ער איז פאַרבייגעשטאַנען געפאַהרען; ער האָט פאַרווײלט אין ערטער און דאָ איז ער אריין אין דער מלחמה איבער לוט'ן: שפּעטערצו האָט ער געדאַרפט דורכמאַכען זיין איינענעם ברית; און דאַן האָט איהם שוין אויך די באבע צוגעטיילט צרות: איין מאָל, איז זי נאָך פון איהם מיט קיין קינד ניט געלעגען געוואָרען; איז זי מסתמא, ווי א אידענע איבער דעם געווען פאַרבענקט, און איז געקומען אָפטער צו איהם מיט פּריטענציעס . . . און כאָטש, וואָס ער האָט שוין געלעבט מיט איהר ניט בלויז צעהן, נאָר אפילו שוין מעהר פון עלף יאָהר, וואו זי האָט איהם ניט געבוירען קיין קינד, איז איהם

פונדעסטוועגען נאָר גאָרניט נמאס געוואָרען . . . און ער האָט איהר אין יעדער זאַך נאָכגעגעבען, אפילו אין אַ צייט, ווייטער, מיט פאַרטרייבען פון איהם די יונגע אגר'ן . . .

## אברם - עבֿירי

פון די שווערע איבערלעבונגען, וואָס ער האָט אַדורכגעמאַכט, פונ'ם וואנגלען אַזוי פיעל, לאַנד - אויס, לאַנד - איין, צווישען פרעמדע פעלקער, און ער האָט אין ערגעץ ניט געקראָגען אַן אָרט צו מאַכען פאַר זיך אַליין אַ היים, איז ער לויט עס ווערט ווייטער פאָרגעבראַכט, שוין געוואָרען מרה־שחורה'דיג און גע־פיהלען פון עד מתי, האָבען שוין אָנגעפאַנגען באַצווינגען זיין האַרץ, און באַהערשען זיין געדאַנק.

און דאַן איז עס געשעהען!

אין אַ געוויסען מאָמענט, ווען זיינע אויגען האָבען שוין מסתמא געקוקט פאַרצווייפעלט, די שאלה, וואַרום ווערט ער אַזוי פיעל געפּרואווט און וואָס איז דערפאַר זיין געצאָלץ, האָט איהם שוין אוודאי גאָר טיעף צוגריבעלט זיין האַרץ—אָט דאַן, באַווייזט זיך צו איהם דער אויבערשטער אַליין, און טרייסט איהם און זאָגט: אל תירא, נישט געזאָרגט, אברעמעלע, מיין טייערס . . . דיינע שכירות זיינען אַ סך! . . .

ער איז אָבער געווען ענטוישט און פאַרביטערט און איז אַרויסגעקומען סאַרקאַסטיש מיט דער טענה: גאָט, איבער אַלע געטער! מה תתן לי? אַז איך האָב אַפילו ניט קיין קינד? — ליעזער, מיין משרת, וועט מיר ירש'ענען?

ציהט איהם דער אויבערשטער אַרויס אין דרויסען און זאָגט ווידער צו איהם: גיב אַ קוק אויפ'ן הימעל, זעה די צאָהל שטערן וואָס לייכטען אין איהם, אַזוי פיעל וועלען זיין די קינדער, וועלכע וועלען אַרויסקומען פון דיינע אייגענע לענדען! . . .

דער זיידע, אברהם, האָט געגלויבט אין דעם אויבערשטען. ער האָט געוואוסט, אַז ער קען אַלץ מאַכען, אַז די גאַנצע וועלט איז זיין שטיקעל אַרבייט; אַז ער איז דער, וואָס האָט צוגאָסען די ים'ען, פאַרשפּרייט די גרונטען, אַז ער הענגט אויף די וואָל־קענס און פאַרטרייבט זיי מיט די ווינטען . . . אַזוי ווייטער

און אזוי ווייטער, האָט ער זיך גענויגט און געביקט פאַר איהם און איהם זעהר פיעל געדאַנקט! פונדעסטוועגען האָט ער איהם געבעטען, אז ער זאָל איהם געבען עפּעס א גאַראַנטיע, א פאַר־זיכערונג, אז עס איז ניט געפּלאַפּעלט, אז ער מיינט וואָס ער זאָגט . . .

האָט ער איהם געהייסען, ווי דער מנהג, נעהמען א דריי־יאָהריגען קאַלב, א ציג פון דער אייגענער עלטער, א באַראַן, וועלכע האָט נאָך אויך ניט לענגער געלעבט, נאָך א טויב מיט א טייבעלע און ער זאָל אויסגרייטען פון די אַלע פאַר איהם א סעודה! האָט ער עס, פאַרשטעהט זיך, גלייך אדורכגעפיהרט. די חיות—צוטיילט אויף דער העלפט, נאָר ניט די עופות, און האָט זיי אויסגעלעגט אין פּאָרציעס: איינס, אנטקעגען דאָס אנדערע . .

## אברהם־במחזה

די זון האָט שוין אָנגעהויבען פאַרגעהען (הפנים, ס׳האָט זיך פאַרצויגען נאָך אויפ׳ן צווייטען טאָג) . . . דער זיידע האָט זיך שוין דעמאָלט געפיהלט באַרוהיגט און צופרידען און האָט שוין גענומען טראַכטען פאַנטאַזיעס אויף דער צוקונפט . . . און ווי אין ווי אין טיפען שלאָף איז ער פאַרזונקען געוואָרען אין וויזיעס פאַר דער קומענדיגער צייט . . .

די זון איז שוין אינגאַנצען פאַרגאַנגען. ווי פון א צוגליה־טען קאַלך־אויוועז מיט העלישען פייער זיינען פונ׳ם אויבערש־טען פאַרצערט געוואָרען אַלע פּאָרציעס. און דאַן, אויפגעלייגט און גוטמוטיג, האָט ער איהם פייערליך פאַרשפּראָכען, אַז, ווי די גאַנצע וועלט, ווי ער ווייסט דאָך שוין אַליין, דער זיידע, איז זיינע, שיינקט ער איהם אוועק ניט בלויז ציון — ארץ־ישראל, נאָר ער ענטפערט איהם איבער דעם שטח מיט אַלע לענדערייעם, ביז׳ן טייך פרת, אָן פונ׳ם טייך, מצרים! . . און אַז דאָס זאָל שוין בלייבען פון איהם א ירושה פאַר זיינע אייניקלעך אויף אייביג, און נאָך ווייטער! . . איי, וואָס די לענדער זיינען שוין געווען באַזעצט מיט אנדערע פעלקער, ווי מיט דעם קני, דעם קניזי, כדמוני, דעם חתי, דעם פריזי, די ארפים, פון דעם

כנעני, מיט'ן גגרשי און פונ'ם יבוסי, און נאך, האט ער איהם דערקלערט, אז עס ארט איהם ניט פאר זיי; ווייל, איין מאל, גלויבען זיי ניט אין איהם, און צווייטענס, זיינען ז ייאלע פאר־דארבענע חברה־לייט, באנעהמען זיך איינער צום אנדערן זעהר געמיין און מען מעג זיי פון די לענדער פארטרייבען . .

צווייטע אויפפאסונג

## ניט בעסער ווי אין סדום

אויב אבער ביי אלע אנדערע ווילען זיך די לייטען פאר זייער גלויבען מיט דער בענקשאפט נאך ציון פון דער לעגענ־דאריש־טראגישער עקזיסטענץ פון זייער אלעמענס זיידען, אברהם, פון אברהם אבינו'ן, ה. ע., האבען זיי זיך ביי איהם פארבונדען מיט'ן לעבען און שיקזאל פון זיין אייגענעם און ווירקליכען, וועמענס געשיכטע, פון אלץ וואס ער האט וועגען איהם פארגעגעבען, האט שוין דא געקענט צוגעהען אויפ'ן פאל־גענדען אופן:

## חיים שמואל דער צופליקטער

ניט אור־כשדים פון אמאל, נאר אין א שטאדט פון דעם היינטיגען „אור־רוסדים" האט געלעבט א איד.

דער איד איז ניט געוועזן קיין תרח, ער האט ניט אפגעמאכט קיין גאטען, ניט קיין שטיינערנע, ניט קיין הילצערנע, פאר וועלכע מענשען זאלען זיך ביקען, נאר, טאג־איין, טאג־אויס, איז ער געזעסען אויף א נידעריג בענקעלע, פאר א קליין, פיער־קאנטיג טישעלע און האט פון פעל פון בהמות אפגעארבייט אזוינע זאכען, צו וועלכע מענשען האבען זיך ניט געדארפט בויגען און זיך נידעריקען. פארקערט, ווען זיי פלעגען ביי איהם ארייג־קריגען א פאר און זיי ארויפציהען אויף די פיס, האט עס זיי גע־מאכט פיהלען זיך שטאלצער און געהויבענער.

אבער אט, דעם אידען, וועלכער איז געזעסען כסדר און גע־מאכט פאר די מענשען אזוינע וואונדערליכע זאכען, האבען זיי, די מענשען, באהאנדעלט זעהר געמיין. ווי ווייט מעגליך, פלעגען זיי זוכען ארויסצובאקומען ביי איהם די זאכען פאר אומזיסט.

און ניט איין מאָל האָט געטראָפען, אַז ווער האָט נאָך ביי איהם געבאָרגט אַ פּאָר און האָט איהם נאָכהער פאַר זיי אינגאַנצען ניט באצאָלט;

איז דער איד געווען אַ גרויסער אָרעמאַן. געוואוינט האָט ער אין אַן אונטער־שטובּעל, וועלכעס איז שוין פון אַלטקייט געווען אַראָפּגעבויגען אויף אַ זייט, אַז עס האָט אויסגעזעהען: אָט, אָט, קעהרט עס זיך איבער. און עס האָט געהאַט איין צודרעהטען פענסטער, פון וועלכען שויבען זיינען געווען פאַר־שטעלט מיט אַ ברעטעל און מיט אַ טאָוועל, ווייל, ווען צובראָ־כען, האָט ער ניט פאַרמאָגט פאַר אָנצוגלאזען אנדערע.

זיינע פאַרדינסטען האָבען איהם אפילו ניט געטראָגען אויף איינצוקויפען געגנוג צום עסען און ער איז טעג־ווייז געזעסען זיך אויפ׳ן בענקעלע, געאַרבייט, וואו עס האָט איהם געבליאנעט דאָס האַרץ פאַר אַ ביסען. עס האָט זיך ניט געפונען ביי איהם, אין דעם שטובעל, קיין לייטיש שטיקעל מעלבעל, אפילו ניט קיין טישטוך, מיט וואָס צו פאַרדעקען דעם אַלטען, אָפּגעקלאַפּטען טיש און שוין מעהר ניט קיין באַציהונג פאַר׳ן בעטגעוואַנט, וואָס האָט אויסגעקוקט קויטיג און די איינשיטען פון דעם זיינען געווען ערטער־ווייס צושפּאַלטען און אויפגעריסען, און אַז ער איז געשלאָפען, פלעגען זיך פון די קושענס אַרויסרוקען פעדערן און זיך איינפּלאָנטערן ביי איהם אין קאָפּ, אין דער באָרד און ער איז תמיד געווען מיט פעדערן.

די מענשען פון דאָרט האָבען ניט געהאַט פאַר איהם קיין שום אָפּשיי. אַלע האָבען זיי געקוקט אויף איהם, ווי פון אויבען אַראָפּ, עפּעס ווי אויף אַ נידעריגער בריאה. זיין אָרט, אין שוהל, ביים דאַוונען, איז געווען לעבען דער טיהר, ביים אַריינגאַנג, און מ׳האָט איהם כמעט קיינמאָל ניט מכבוד געווען מיט קיין „עליה“ צו דער תורה.

האָבען זיי איהם פאַר די וואונדערליכע זאכען, וואָס ער האָט פאַר זיי כסדר באַשאַפען ניט אַרויסגעוויזען קיין שום דרך ארץ—האָבען זיי איהם ניט אַרויסגעוויזען — ניט אָפּגעגעבען וועלכע ניט איז כבוד, האָבען זיי איהם ניט אָפּגעגעבען; נאָר זיי האָבען איהם נאָך אָנגעטאָהן אַ גרויסען בזיון!

וואס איז?

אזוי ווי ער האט ניט געקאנט פאר די צאהלאכצען, וואס ער האט אריינגעקראגען ביי זיי פאר זיין ארבייט באהויפטען אמאל נייע ציכלאך פאר'ן בעטגעוואנט, פלעג זיך דאך פון די קושענס, פון דער איבערבעט ארויסרוקען פעדערן און זיך אנהעננגען ביי איהם אין די האר, אויף זיינע בגדים, אויפ'ן קאשקעט, און גע־הייסען האט ער: חיים־שמואל, האבען זיי איהם צוליעב דעם גערופען: חיים־שמואל, דער צופליקטער . . . האט ער זיך מיט'ן צונאמען תמיד געשעהמט . . .

איז אבער דא אן אויבערשטער איבער דער וועלט, וואס קוקט אלץ צו. ער איז א דערבארעמדיגער און א לייטזעליגער; ער'ז אבער אויך א גערעכטער און ער נעמט זיך כסדר אן פאר דעם געקריוודעטען און פאר דעם באליידיגטען!

אמאל, ווען ער האט צוגעזעהען די פארדארבענע חפציות פון די מענשען פון סדום, ווי זיי פלעגען אפנארען, בא־ראבעווען, פייניגען מ'צווייטען און ווי איבערהויפט האבען זיי באהאנדעלט גאר געמיין דעם פרעמדען, ניט ארויסגעוויזען קיין שום רחמנות צום עלענדען און פאר דעם שוואכערען; פאר הנאה וועגען, האבען זיי, די מענשען פון סדום, איין מאל גע־נומען א מיידעל, איהר אויסגעטאהן אינגאנצען נאקעט, גע־בונדען איהר די הענט מיט די פיס, און איהר אויסגעשמירט אדורכאויס מיט האניג . . . און איהר אוועקגעלייגט אויף דער זון, אז די בינען מיט די פליגען זאלען איהר צובייסען . . . איהרע געשרייען זיינען געגאנגען ביז אונטער'ן הימעל! איז דער אויבערשטער געווארען אין כעס און האט גענומען און האט איבערגעקעהרט גאנץ סדום מיט זיי אינאיינעם.

נאך פריהערט, גארניט לאנג נאכדעם, ווי ער'ט שוין אויס־געפונדעוועט די וועלט, האבען די ערשטע מענשען, וועלכע, כאטש וואס ער האט זיי געמאכט אין זיין אייגענער פארמע, שוין גענומען אויפפיהרען זיך ניט גוט; איין ברודער האט דער'הרג'עט דעם צווייטען און זיי האבען זיך געכאפט זינדיגען גאר אהן א מאס, האט ער געעפענט די פענסטער פונ'ם הימעל און האט אויף זיי אראפגעגאסען דעם מבול און זיי זיינען אלע דערטרונ־

קען געוואָרען! ווען ניט איין נח זאָל דעמאָלט ניט האָבען געווען זיין דער צדיק, וואָלט דאָך אצינד אויף דער וועלט קיין שום מענש, אפילו קיין חיות ניט געווען!

ער באשטראָפט די מענשען פאר שלעכטע מעשים: אזוי, למשל, ווען איינער עסט זיך אָן צופיעל, דערלאנגט ער איהם א בויך־וועהטאָג; א צווייטען, ווען ער כאפט אריין פאר זיך וואָס געהערט צו אַן אנדערן, ווארפט ער אויף איהם אָן א מורא פאר יענעם, אז טאָמער וועט ער דערפאר אויפשטעהען מיט א האק און איהם צושפאלטען די קאָפּ . . . דער סוף—איידער ער זאָל קענען ארומגעהן, פראנק און פריי, פאר קיינעם קיין מורא ניט האָבען, פארריגעלט ער זיך און פאר קייטעלט זיך בחדרי, חדרים. אזוינע דינגען אפילו אָן חברה־לייט זיי זאָלען זיי באשיצען, אָבער, כסדר א פארזאָרגטער, א פחד׳יגער גע־דאנק, מאכט דאָך א סך פון זיי קראנק.

מיט פארשידענע ליגנערייען, מיט אָפּגעמאָלטע, צאצקענדיגע פאפירלאך, מיט שטיקלאך פון גלאנצענדיגע מעטאלען און מיט בליאסקענדיגע שטיינדלאך, נארען מענשען אויס, איינער בא׳ם אנדערען די געבעקסען מיט די געקעכצען, וואָס זיי פאטראפיען, די שיך, מיט די קליידער, וואָס זיי נעהען אויף; די הייזער, וועלכע זיי האָבען אויפגעבויעט; די אָפּנארער דערנאָך פרעסען און זויפען, ציהען אויף זיך ארויף אלעמאָל אַן אנדער מלבוש, צולייגען און צושפרייטען זיך אין די שטובער. און די אָפּגע־נארטע, די באשווינדעלטע, געהען ארום כסדר און פעכניען אויפ׳ן פיסק, באָרוועס און נאקעט, און האָבען זיך ניט וואו אהינצוטאָהן!

דער תכלית: עס ברענגט זיך ארויס א גרויס פיינטשאפט פון די לעצטע צו די ערשטע, און וויפיעל די זאָלען זיך שוין ניט האָבען אָנגעדונגען חברה־לייט מיט דערלאנגענדיג זיי פאר־שידענע כלי־זיינ׳ס, זיי צו באשיצען, טרעטען דאָך ארויס פון צייט צו צייט די גענארטע אנטקעגען די שווינדלער און פילע מענשען ווערען ביי אזוינע פאלען אוועקגעטויט!

פאר׳ן אויפפיהרען זיך שלעכט, באשטראָפט אָפט דער אויי־בערשטער אליין די מענשען דערמיט, וואָס ער מאכט אויף זיי

אָן שרפות, שיקט אָן מגפות, פּלאָגט זיי מיט אַלערליי חולאת'ן. אָבער זיי קייען זיך ניט! נייערט באַשווינדעלט איינעם דעם צווייטען און די וואָס נאַרען אַרויס אַ סך, פּרעסען און זויפען אין זייערע היימען, אַז זיי ווערען אַזש אַזוי פעט, ווי חזרים, אַז זיי קענען זיך שוין ניט ריהרען . . . דערצו פאַראַנשטאַל־טען זיי נאָך אָפטער סעודות, וואו זיי קומען זיך צונויף אין מחנות און שטאָפּען אין זיך נאָך מאכלים, אַז זיי מוזען אַזש נאָכלאָזען די פּאַסקיעס . . און ניט איינמאָל האָט שוין גע־טראָפען, אַז איינער האָט זיך אָנגעשלונגען מיט אַזוי פיעל עסענוואַרג, אַז ער איז דערפון פאַרשלאָפט געוואָרען און ער האָט שוין מעהר ניט געלעבט . . .

אָבער דאָ, דער אויבערשטער, באַטראַכטענדיג, ווי אַזוי די מענשען באַהאַנדלען דעם חיים־שמואל'ן, ווי אַזוי זיי האָבען ווי ווייט מעגליך געזוכט אַרויסצובאַקומען פון איהם די וואונ־דערליכע זאַכען, וואָס ער האָט באַשאַפען, כמעט פאַר אומזיסט; דערנאָך ערשט, פלעגען זיי קוקען אויף איהם פון אויבען אַראָפּ, ווי עפּעס אויף אַ נידעריגער בריאה, און ווייל פון די צאָלאַכצען פאַר זיין אַרבייט האָט ער ניט געהאַט אויף קיין ציכעל פאַר די קושענס, פלעגען זיך די פעדערן פונ'ם צוריסענעם בעטגעוואַנט אַרויסרוקען און זיך אָנהענגען אין זיין אָרעמער הלבשה, האָבען זיי איהם דערפאַר געקרוינט מיט'ן צונאָמען: חיים־שמואל, דער צופּליקטער . . האָט ער געגנועמן און האָט געטאָהן אָט וואָס:

ניט נאָר קוקט ער, דער אויבערשטער, אַלץ צו, נאָר ער ווייסט אויך פריהער וואָס שפּעטער וועט זיין; האָט געטראָפען דעם חיים שמואל'ען, ווען ער איז נאָך געווען גאָר אַ קליין אינגעל, האָט זיך פּאַיאַוועט אין זיין היים דער מלאך־המות און מיט אַ טיפּוס האָט ער אַרויסגענומען די נשמה פונ'ם האַרצען אַרויס פון זיין מאַמען. אין אַ פּאָר טעג אַרום איז ער ווייטער גע־קומען און האָט ביי זיין שוועסטער, שוין אַ דערוואַקסענע מיידעל, אַרויסגעכאַפּט די נשמה פון די אויגען, ווייל ביי מייד־לאַך שטעקען דאָך די נשמות אין די אויגען, אינ'ם האַרצען געפינען זיי זיך ביי מאַמעס. און אַז ער איז שוין דאָרט אַ פּאָר מאָל געוועזן, האָט ער זיך געמאַכט אַ גאַנג און האָט זיך גענומען

שארען צו דער נשמה פון זיין טאטען. ביי מאנסבילען וואוינען דאך די נשמות אין די העלזער, האט ער איהם אנגעפאנגען שטיקען מיט א הוסט. ער האט געכארכעלט, איהם זי ניט גע־וואלט אוועקגעבען, אבער סוף, כל סוף, האט ער זי ביי איהם ארויסגעריסען. הקיצור, ווי אזוי עס איז געשעהען—ער, דער חיים שמואל איז דערווייל געבליבען א קיילעכדיגער יתום.

פון זיינע פעטערס און מימעס האט איהם קיינער ניט גע־וואלט האבען ביי זיך און ער האט זיך גענומען ארומבלאנדזען א הונגעריגער, א בארוועסער, און אפגעריסענער. איז דאך דער אויבערשטער אונזערער, ניט בלויז א דערבארעמדיגער, א גע־רעכטער, נאר ער איז אויך א פאטער צו יתומים; אז קיין קרובים האבען איהם ניט געוואלט האבען און אזוי א באלעבאס אין שטאדט האט זיך אויך ניט געפונען, ער זאל אויף איהם רחמנות האבען, האט ער איהם געשטעלט אונטער זיין השגחה און האט איהם געפיהרט צו א שוסטער פון דארטען און יענער האט איהם אריינגענומען.

עפעס עסען, פלעג איהם די שוסטערקע צוטיילען אן אלט־געבאקען שטיקעל־ברויט, גרויפענע יושקע, אמאל שוין א קאר־טאפליע מיט א שטיקעל הערינג. פאר דערפאר האט איהם דער שוסטער געמאכט זיצען, טאג און נאכט לעבען איהם אויף א נידעריק בענקעלע און העלפען איהם אריינציהען דראטוועס און קלאפען פלעקעלאך, און די זאכען וואס ער האט אפגעארבייט. אן אנדערער אויף זיין ארט וואלט פון אזא לעבען געקענט אויפקומען א שמאל־ביינערדיגער, מיט א צודרעהטען פנים, מיט געליאמטע אויגען, מיט א הויכערען אקסעל און נאכעט חסרונות, אבער אויף איהם האט דער אויבערשטער, ווי זיין טאטע, געהאלטען אן אויג אז עס זאל איהם ניט שאדען און אויף צו להכעית איז ער געוואקסען א געזונטער לעפאק מיט באקען, אזוי ווי פאמפיטשקעס . .

און נאך מעהר:

דער אויבערשטער האט דאך פריהער געוואוסט, אז ווען ער׳ט ווערען א בחור, וועט ער דארפען א כלה, און א מנהג איז דארטען געווען, אז א מיידעל פון א געראטענעם געשטעל,

נאָך פון פאַרנעהמע עלטערן, האָט מען ניט דערלאָזט געהען ווערען אַ כלה פאַר אַ שוסטער. אַזעלכער, אַז עס האָט זיך איהם געוואָלט ווערען אַ חתן, האָט ער נאָר געקאָנט נעהמען אַ געשטיפעלטע, אַ בלינדע אויף אַן אויג, אַ קרומע אויף אַ פוס, אַ האָרבאַטע און אַ פאָנפעוועטע . . . און דאָס האָט זי גע־דאַרפט אַרויסקומען פון געפאַלענע, פון אָרעמע טאַטע־מאַמע.

עס איז נאָך דאָ ניט דערמאַנט געוואָרען, אַז דער אויבער־שטער איז אויך דער, וועלכער איז מזווג זיווגים; ער באַ־שטימט פאַר יעדען חתן זיין כלה, פאַר איטליכען מאַנסביל— זיין אידענע. אָבער ווי עס קוקט אויס, איז אַנטקעגען דעם מנהג טרעט ער ניט שטאַרק אַרויס. און ווען ער זאָל זיך, למשל, יאָ שטעלען, וואָס וואָלט ער געטאָהן מיט די געשטיפעלטע, מיט די האָרבאַטע און ז. וו.?

אָבער דאָ, ביי דעם חיים־שמואל׳ן, ווי אַליין שוין דער פאָטער זיינער האָט, הפנים, ניט געוואָלט דערלאָזען, אַז צו איהם זאָל אַזעלכע אָנקומען און ער האָט פאַר איהם צוגעגרייט, גראַדע גאָרניט קיין מיאוס׳ע: אַ הויכע, אַ שלאַנקע, מיט שוואַרצע אויגען, מיט ניט קיין גרויסער נאָז, נאָר מיט אַ דינער, אַ שמאָלער, און וועלכע האָט נאָך געשטאַמט פון יחוס׳דיגע טאַטע־מאַמע!

ווי אַזוי האָט ער עס אַדורכגעפיהרט דעם שידוך? לייענט ווייטער:

## אַן איש, תם וישר

מיט אַ פאָר צעהנדליג יאָהרען צוריק, האָט אין דער איי־גענער שטאָדט געלעבט נאָך אַ איד. דער איד איז געווען אַ גרויסער למדן, אַ למדן אַ מופלג. ווי אַזוי האָט מען דאָס גע־וואוסט? ווייל יומם ולילה האָט מען איהם געזעהען זיצען פאַרטיעפט איבער אַ גמרא, איבער אַ משניות, אָדער אַריינקוקען אין אַן „עין־יעקוב״, אין אַ „חי־אָדם״, און אין אַן אַנדער ספר.

ער איז אויך געווען אַ פרומער איד. פון באָרד און פיאות, ביי איהם איז אָפגערעדט; ער האָט קיינמאָל ניט אויסגעטאָהן די יאַרמולקע, געטראָגען אַ לאַנגען און ברייטען לייבצודעק,

תלית־קטן, געדאַוונט מיט די צוויי פּאָר תפילין, געפּאַסט אַלע תעניתים, שבת און יום־טוב פאַר׳ן דאַוונען איז ער געגאַנגען אין מקוה זיך אָפּטובלען און ער האָט אָפּגעהיט ביז יערען פּינטעלע אַלע דינים און מנהגים פון פּסח, שבועות און סוכות, פון ראש־השנה און יום־כּפּור.

געווען איז ער אויך אַן עהרליכער איד. ער האָט קיינמאָל קיין ליגען ניט געזאָגט, אפילו ניט אַרויסגעבראַכט פון׳ם מויל קיין שום דברים־בטלים, זיך ניט געהאַלטען מיט קיין גאוה, זיך ניט געשטופּט נאָך קיין כּבוד, נייערט, ער האָט זיך באַנומען כּסדר שטיל און באַשיידען, געווען אַן אמת׳דיגער איש תם, וישר ער, האָט אויסגעפיהרט אַלץ, וואָס דער אויבערשטער האָט פאַר׳ן מענשען געבאָטען.

האָט ער געקראָגען פון אויבערשטען פאַר׳ן אויספיהרען אַלע זיינע געבאָטען עפּעס שכר? אַ נעבכטיגער טאָג! ער איז געווען אַן עני ואביון; ער׳ט איהם ניט צוגעשאַרט קיין איין מסחור, קיין שום מזומען ער זאָל, חלילה, קענען לעבען פון פּראָצענט און ער האָט זיין שטיקעל חיונה עצויגען פון דעם, וואָס ער׳ט געלערנט מיט דערוואַקסענע בחורים די גמרא—זיי אויך געוויזען, הייסט עס, ווי אַזוי צו געהען אינ׳ם בעסטען פונ׳ם אויבערשטענ׳ם וועגען . . .

## אבי פון א רעב שמואל׳ן

זיין אידענע, זיין ווייב, איז געווען גאָר אַ גאָט׳ס פאַרכטיגע, כאָטש אַפילו ניט קיין געזונטע . . . מען האָט דאָרט געזאָגט אויף איהר, אַז זי האָט אַ יחוס־בריוו, דאָס זי קומט אַרויס פון רב שמואל׳ן. אָבער ניט פון אַ וואָסערען, פון שמואל, הנביא׳ן צו פון שמואל הנגיד׳ן. אָבער, וואָס איז דער חילוק? אַבי זי איז אַרויסגעקומען פון אַ רעב שמואל׳ן . . .

מילא, האָט זי געציטערט איבער די דינים פון כּשר און טרייף, פון טמא און טהור, האָט זי געציטערט. נאָר, אום נאָך מעהר צו געפעלען דעם אויבערשטען, איז, אַז עס האָט זיך געטראָפען, אַז עס האָט איהר געפעהלט די נעגעל־וואַסער פאַר׳ן בעט, ביים אויפשטעהן, פלעג זי שפּרינגען פון איין פוס אויף דער אַנדערער די ברייטסטע שפּאַן אין קוך אַריין נאָך וואַסער,

וואו זי האָט גלייך אָפּגעגאָסען די נעגעל און געשעפּטשעט צו איהם דעם „מודה אני". פונדעסטוועגען איז זי ניט געווען געבענטשט מיט קיין קינדער. זי פלעג דוקא אַלעמאָל מעוברת ווערען, נאָר זי האָט זיי מפּיל געווען. דאָס האָט מען גערעדט דאָרטען, איז איהר געקומען, ווייל איהר פאָטער האָט אָפּגעשיקט די תנאים צום חתן, צו ווענכען זי איז געווען צום ערשטען פאַר קנס'ט. צום סוף נאָר, ווען זי איז שוין פאַרגאַנגען אין טראָגען, איז זי שוין די גאַנצע צייט פונ'ם שווענגערען געלעגען אין בעט, האָט זיך שוין דער „אויבערשטער" אויף איהר מרחם געווען און איהר געלאָזט דערגעהען ביז אינ'ם נײנטען מאָנאַט און געלעגען ווערען מיט אַ מיידעלע, אַ גאָלדעלע.

איז דאָס געווען ביי איהר אַ טעכטערל, אַ בת־יחוד'קעלע, אַ בלייכענקע, מיט אויסגעבלויזטע אויגען—איין אויג אין קאָפּ, ביז אַ יאָהר, פיער.

ביי דער צייט האָט געטראָפען, וואָס דער מלאך המות האָט זיך דאָרטען פאַריאַוועט מיט'ן טיפוס, וואו ער'ט זיך שוין אַ נעם געטאָהן צו חיים שמואל'ס מאַמען און שוועסטער. זיין היים איז געשטאַנען אַ פּאָר הייזער פון דער גאָלדעלע'ס, איז די מאַמע איהרע, ווי אַ פרומע, כשר'ה אידענע, פאַרשטעהט זיך, אַריינגעקומען זיי מבקר־חולה זיין, זיי מיט עפּעס העלפען, וואו זיי האָבען שוין מיט שרעקליכער היץ זיך אַזוי געראַנגעלט מיט'ן מלאך־המות, איז ווי וואָר אָט דער „בעל־דבר" האָט איהר דער־זעהן, האָט ער איהר אויך גלייך דערטאַפּט . . מיט איהר האָט ער זיך גאָרניט געדאַרפט לאַנג באַרען; זי איז דאָך געווען אַ קוים, וואָס זי האָט געלעבט: ער האָט אויף איהר געגעבען איין בלאָז מיט'ן טיפוס און גאָר אין קורצען האָט זי זיך גע־פונען אויסגעלייגט—אַ טויטע . . . בנו, לבונו, איז די גאָלדעלע געבליבען אָהן אַ מאַמען . . .

ניט איין נשמה האָט דעמאָלט דער מלאך המות פון דאָרטען אַוועקגעגאַזעלט. אָבער גאָלדעלע'ס טאַטענ'ס האָט ער אַפילו ניט אָנגערירט, ווייל ער איז יומם ולילה געזעסען אָפּגעזונדערט פון אַלעמען אין שוהל איבער אַ גמרא, האָט ער פשוט ניט גע־וואוסט, וואו קומען צו איהם . . .

## גאָלדעלע אַ יתומה

ווען פאַרביי זיינען איניגע וואָכען, האָבען אידען דאָרטען געעפענט די אויגען, אַז דער למדן, דער מופלג זיצט אָהן אַ אידענע, אָהן אַן „עקרת הבית“ און עס האָבען זיך אַרויסגע־שטעלט אָנגעזעהענע באַלעבאַטים, צו זיין בעלנים, אַוועקצו־געבען איהם, דעם תלמיד־חכם, זייערע גערעטענע בתולות, כאָטש וואָס ער איז שוין גאָרניט געווען קיין יונגערמאַנטשיק, פאַר אַ ווייב. דער שדכן האָט ממש אָפּגענעסען דאָס האַרץ מיט איהם און אויסגעטרוקענט דעם צונג, ביז ער איז שוין מושווה געוואָרען מקדש צו זיין איינעם׳ס, אַ באַלעבאָס׳עס אַ טעכטערל, אַ בתולה, וועלכע איז נאָך ערשט גאָרניט לאַנג גע־וואָרען אַ בגרת. און די איז שוין גאָרניט געווען קיין שוואַ־בענקע, אַזוי ווי גאָלדעלע׳ס מאַמע, נאָר אַ מויד—אַ „קלאָץ“! צו ער׳ז איהר געפעלען צו ניט, האָט זי איהם גלייך אין צעהן מאָנאַטען אַרום, דערלאַנגט צוויי בנים! און ווייטער שוין אַ טאָכטער און נאָך אַ טאָכטער. צו דער גאָלדעלע׳ן האָט זי זיך אַרויסגעוויזען צו זיין אַ שטיף־מוטער: זי האָט איהר געמאַכט ניאַנטשען די קינדער, טאָהן אַלע אַרבייטען, איהר געטריבען, אַפילו געשלאָגען און דערביי האָט זי איהר געהאַלטען אין איי־פאַרמיאום׳ען פאַר׳ן טאַטען . . .

## אַ שרעקענדיגע געשיכטע

איין מאָל אין אַ ווינטערדיגען אויפדערנאַכט, האָט זי גע־מאַכט אַ שאָדען. האָט איהר די שטיף־מאַמע געשלאָגען און איהר פשוט אַרויסגעשטופּט דורך דער טיהר אויף דער גאַס. אין דרויסען האָט דאַן געגרימערט אַ פראָסט און דער שניי האָט אַזש געגלאַנצט און געסקריפּעט, און זי דערנמאָלט, אַ וויינענדיגע, האָט זיך אַוועקגעלאָזט צום טאַטען אין שוהל, אַז ער׳ט געהען אַהיים, זאָל ער איהר מיטנעהמען.

ער איז דאַן געזעסען איבער דער גמרא, האָט זי זיך אַוועק־געשטעלט ביי דער טיהר ווארטען — געכליפּעט און האָט גע־ציטערט . . .

זי איז אזוי געשטאנען און דער זייגער איז שוין געווארען עלף, און ער האט זיך נאך ניט אויפגעהויבען. ביז דער זייגער האט שוין געשלאגען צוועלף און נאך ווייטער. אויף מארגען, אין דער פריה, ווען דער שמש איז געקומען אין שוהל אריין האט ער איהם נאך געטראפען זיצען איבער דער גמרא, אבער שוין א פארגליווערטען! . . .

זי איז געווען צוגעשפארט צו א באנק און—געשלאפען...

איבער דער געשעהעניש איז דערנאך ארומגעגאנגען א שרעקענדיגע געשיכטע:

האלבע נאכט, נאך צוועלף דעם זייגער, ווען די מתים הויבען זיך אויף פון זייערע קברים און קומען אין שוהל אריין דאווּנען און לייענען די תורה . . . ווי איינינגע, וועלכע פלעגען עס פארברייינגען, האבען געזאגט, אז זיי האבען עס א פאר מאל געהערט — אפילו ניט געזעהן, ווי מען האט פונ'ם בעלעמער אויפגערופען צו דער תורה, דעם און דעם בר־מנן: יעמוד, פיניע ברב לייזער, הכהן! . . . און ווי אזוי דער מת פלעג זיך אוועקשטעלען און מאכען די ברכה: ברכו את ה', המ . . איז דאן אויך ארוים איהר, גאלדעלע'ס, מאמע פונ'ם קבר, גע־קומען אין שוהל אריין און האט זיך באוויזען פאר איהם אין איהרע ווייסע תכריכים, וועלכע זיינען געווען נאס, אויסגעווייקט פון טרערען . . . און האט מיט אזא יאמערדיגען קול, ווי מען באוויינט, געקלאגט פאר איהם: שייע, שייע, גיב א קוק אויף מיין אומגליקליך קינד! . . . אוי וועה איז מיר, אוי וועה איז מיר! . . . און האט זיין נשמה אוועקגענומען מיט איהר . . .

אם לעצטענס האט ער אויסגעזעהן שטארק אפגעצערט. ארום האט מען געוואוסט, אז ער האט פון זיין יונג־ווייב יגון והנחה, אז זי ווייכט פון איהם און וויל פאר איהם גארנישט ניט טאהן. קיין יונגערמאנטשיק איז ער שוין ניט געווען; ווען די וואסער איז איהם געקומען איבער'ן האלדז, האט עס איהם געקענט מאכען מ'סוף.

ווי די זאך, דערווייל איז די גאלדעלע אויך געבליבען א קיילעכדיגע יתומה. זי האט ניט געהאט קיין פעטערס און קיין

מימעס, צו וועלכע אפילו פּרואווען געהען; זי איז קוים אלט געווען א יאָהר ניין און זי האָט שוין געמוזט אָנקומען צום ערשטען פאר א ניאנקע; נאָכדעם, פאר א דינסט צו א גביר׳שען באלעבאָס.

נו, איז זי נעבעך פארקויפט און אויסגעריסען געוואָרען, פריהערט ביים ניאנטשען און נאכהער באר׳ן קאָכען, וואשען און ראָמען. אָבער דאן האָט שוין דער אויבערשטער ווי א פאָטער צו יתומים אויף איהר אויך געכאפּט א קוק, אז עס זאָל איהר פינסטערער, שווערער קינדערשער לעבען ניט שאטען און אלעמאָל ווען מען האָט איהר באמערקט, האָט זי אויסגעזעהען אפילו מאָגער, נאָר הויכער! . . .

שוין א יאָהר אכטצעהן, איז זי שוין געווען אויסגעוואקסען גאָרניט קיין קורצינקע, ווי איהר פּנים האָט דערביי דוקא פאר־מאָגט איידעלע שטריכען, א דינע נאָז—און עמיצער וואָלט שוין געמעגט זאָגען צו איהר: „ארי את" . . .

אָבער א מנהג איז דאָרטען געווען, אז קיין באלעבאטישע בחורים, אפילו למדנישע, האָבען ניט חתונה געהאט מיט קיין יתומים, האָבען זיי געמעגט אפילו אָפּשטאַמען פון „פּיניע, רעב לייזערס, אהרן, מ׳כהן׳ס, — סיידען זיי האָבען פארמאָגט נדן. אזוי ווי זיי האָבען עס אָבער ניט, האָבען זיי נאָר געקענט אָנ־קומען צו די פּראָסטע, שאלעשידעס׳ען, צו אזעלכע, ה. ע., וואָס האָבען ניט דריי מאָל א טאָג וואָס צו עסען. בעל מלאכות, שניידערס, שוסטערס.

דאָ אָבער, ווען דער חיים־שמואל איז שוין געוואָרען א בחור, א לעפּאק, און דער אויבערשטער, ווי זיין פאָטער האָט, הפּנים, ניט געוואָלט דערלאָזען, אז ער זאָל נעהמען עפּעס א קאליקע, א האָרבאטע, צי א פאָנפעוואטע, און אזוי ווי ער איז דער, וואָס איז מזווג זיווגים, דערביי ווייסענדיג ווי די גאָלדעלע, וועלכע האָט זיך אויך געפונען אונטער זיין השגחה, דארף שוין חתונה האָבען, איז ביי איהם באשלאָסען געוואָרען ווי ס׳ט זיך ארויסגעוויזען, די ביידע צונויפפאָהרען, וואָס ער׳ט דעם שידוך אויסגעפיהרט אָט אזוי:

## קוואטש, קוואטש; קוואטש, קוואטש!..

עס האָט זיך דאָרטען געפונען אַ אידענע, וועלכער עס האָט געריסען דאָס האַרץ פאַר דער גאָלדע'ן. זי האָט איהר נאָך געוואוסט פון איהר קינדהייט, האָט געקענט נאָך גוט איהר מאַמע'ן, ווייל זייערע הייזער זיינען געשטאַנען איינס לעבען אַנדערן. און די גאָלדע פלעג אפילו אָפטער, שבת־בייטאָג קומען צו איהר געוואויר ווערען. און די פלעג איהר כסדר אויפנעהמען ווי אַן אייגען קינד. באַמערקענדיג ווי זי ווערט אַ הויכע, האָט זי געטראַכט, ווי אַזוי זי וואָלט שוין געדאַרפט ווערען אַ כלה! זי האָט דערגרייכט אַ יאָהר אַכטצעהן, ניינצעהן, ביז שוין איין־און־צוואַנציג און די אידענע האָט געהאַלטען אין איין טראַכטען, ווי אַזוי זי ווערט נעבעך פאַרשוואַרצט ביים וואַשען און ראָמען אין דער פרעמד און קיינער רייסט זיך ניט אויס אויף איהר זיך מרחם צו זיין . . .

די אידענע איז גאָר קיינמאָל ניט געווען קיין שדכנ'טע. פונדעסטוועגען האָט זי איהר איין מאָל געפּרואווט רעדען צו אַ „בעהעלפער", דערביי איהם דערמאַנענדיג אַז זי שטאַמט פון אַ טאַטען, אַ תלמיד־חכם. אָבער זאָגאַר, יענער, דערקונדענדיג זיך, אַז זי איז אַן אָרעמע און עלענטע יתומה, האָט אויך פאַר־וואָרפען „מיט הענט און מיט פיס" . . . דערווייל איז שוין די גאָלדע אַלט געוואָרען מעהר פון צוויי און צוואַנציג, וואו די פּלייצע ביי איהר פון דער האָרעוואַניע, האָט שוין אָנגעהויבען ווערען אויסגעבויגען. אַנדערע האָבען איהר שוין גענומען באַדויערען . . . און די אידענע, ווען די גאָלדע פלעג קומען צו איהר שבת, האָט זי געזיפצט . . . וואָס־זשע האָט דעמאָלט געטאָהן דער אויבערשטער? ער'ז געגאַנגען און האָט געמאַכט אַ שטאַרקען רעגען, אַז עס איז געוואָרען אַ גרויסע בלאָטע! . . .

די אידענע איז געווען אַן אָרעמע און ביי איהר זיינען די שטיוועלאַך שוין געווען פון לאַנג צוריסען; אַצינדערטאָ, האָט די בלאָטע גענומען אַריינקריכען צו איהר אין די שטיוועלאַך, צו די פיס, צווישען די פינגער. און ווען זי האָט געמאַכט אַ

טראָט, האָט געגעבען אַ קוואַטש! קוואַטש, קוואַטש—קוואַטש, קוואַטש! . . הכלל, זי האָט שוין געמוזט געהען צום שוסטער.

אַריינשטעלענדיג זיך צום שוסטער, דערזעהט זי לעבען איהם אויף אַ קורץ בענקעלע זיצען אַ באַכטיק און קלאַפּען פלעקלאַך און פאַרציהען אַ דראַטווע. און דאָס איז חיים־שמואל! . . . עס האָט איהר גלייך אַ בליץ געטאָהן, אַז דאָס איז אַ פּאָרעל, אַ פּאָרעל פונ׳ם אויבערשטען! . . .

זי איז אַזוי פאַרכאַפּט געוואָרען, אַז זי האָט אַפילו ניט געזאָגט דעם שוסטער וועגען וואָס זי איז געקומען, נאָר ראַפּאַ־טאַם, כאַפּאַטאַם, אין איין אָטעם, האָט זי געקוואַטשעט צו דער גאָלדען! . .

### כלה'ניו, כלה'ניו, ווייןזשע, וויין!..

שלעכט און געמיין, ניט בעסער ווי אין סדום זיינען דאָרטען די מעהרסטע מענשען געווען איינס צום אַנדערן. איינער פלעגט ניט פאַרגינען דעם צווייטען דאָס לעבען; האָט ווער געזעהען עמיצען אין אַ געפאַלענעם באַשטאַנד, פלעג איהם דערפון הנאה טאָהן; אַ טייל וועלכע האָבען באַוויזען אָנצוזאַמלען מעהר פון דעם געלט האָבען אויפגעקויפט דאָס עסענוואַרג, די קליידער, די הייזער, און נאַכהער זיך געהייסען באַצאָהלען פאַר די זאַכען פון די וואָס האָבען ניט געקענט אָהן זיי אויסקומען, פיעלפאַך מעהר פון דעם, וואָס האָט זיי געקאָסט! אום אַרויסצונאַרען ביי די וואָס האָבען זיי געמוזט האָבען אַ גרעסערען פרייז, פלעגען זיי זאָגען ליגענס, אַפילו שווערען זיך פאַלש און באַשווינדלען ביי דער מאָס, מיט דער צאָהל, אין דער וואָג . .

צו די וואָס האָבען ניט אַריינגעבאַקומען געגוג פון דעם געלד איז געווען אַז אָך און וועה, אום ניט צו שטאַרבען פאַר הונגער, האָבען זיי געמוזט געהען אַרבייטען פאַר די ערשטע, אויפנעהמען פאַר זיי קליידער, באַקען און קאָכען, פאַר זיי בויען הייזער, אַפילו פאַרשטעלען זיך מיט מאַסקעס און מאַכען פאַר זיי קאָמעדיעס, אַמוזירען זיי, הייסט עס, באַדינען זיי אויף אַלע אופנים און זיי, די ערשטע, פלעגען מאַכען די לעצטע כסדר צו האָרעווען, כמעט פאַר אַ גאָרניט באַצאָהלט און זיי פלעגען

ניט רחמנות האָבען אויף קיין אייגענעם ברודער, אויף קיין ליבליכע שוועסטער . . .

די ערשטע פלעגען אמאָל יאָ טאָהן עפּעס גוטס פאַר די צווייטע; זיי פלעגען זיי געבען הילף ווען זיי זיינען שלאַף געוואָרען, איז דערביי געווען א טעם; ווארום, א קראַנקהייט, אַז זי זעצט זיך אָן אויף עמיצען, האָט א טבע איבערגעהן פון איינעם צום אַנדערן . . . און שאָנעוועט ניט דערביי קיין געהויבענע, ווי קיין געפאַלענע. אמאָל האָבען זיי א הונגעריקען צוגעוואָרפען א שטיקעל־ברויט, ער זאָל ניט אָנפאַלען און עס נעהמען מיט גוואַלד . . . ווי אויך אוועקגעשענקט און אָן אָפּגעטראָגענעם, צוריסענעם מלבוש; האָט איינער אמאָל געטאָהן דעם צווייטען א טובה, באמת, געהאָלפען א געפאַלענעם זיך שטעלען אויף די פיס, איז דאָס פון די איבעריגע באַטראַכט געוואָרען פאַר ניט קיין געוועהנליכע זאַך, מען האָט געהאַלטען דערפון אין איין רעדען, דערצעהלען און זיך וואונדערען . . .

פון די גוטע זאַכען, וואָס די מענשען פלעגען אמאָל דאָרטען טאָהן איינס פאַר דאָס אַנדערע, חוץ ראַטעווען א שלאַפען, איז געווען דאָס, וואָס זיי פלעגען אָפּט העלפען פאַרשלייערען אַן אָרימע און עלענדע יתומה פאַר אַזא מין סאָרט דערשלאָגענעם בחור. איז, אַז מען וויל דאָס גוט באַקלערען, ווארום זיי האָבען עס געטאָהן, קען מען קומען צום אויספיהר, אַז עס איז געווען דערפאַר, וואָס מענשען מוזען דאָך חתונה האָבען, אַז ניט קענען זיי ווערען נאָך ערגער פון ווילדע חיות, און זיין א סכנה פאַר איעדען. דערביי פלעגען אויך באַגאַנגען ווערען אַזוינע עולות! פאַר עפּעס באַצאָהלט, פלעג מען אָפּט פאַרדרייען מ'קאָפּ פון אַן אָרעמער מיידעל, איבערהויפּט פון אַן עלענטער יתומה, פאַר אַן אַלטען מאַן, וועלכער האָט שוין אוועקגעפּאַטערט די יאָהרען פון איינער, אָדער מעהר פון זיינע פריהערדיגע אידענעס, נעבעך!

די גאָלדע איז ניט שטאַרק נתפעל געוואָרען פונ'ם שידוך און זיך נישט אָנגעכאַפּט מיט גרויס פרייד אין איהם. ווי אַלע מיידלאַך האָט זי געטרוימט, אַז זי וועט חתונה האָבען פאַר עפּעס א פיינעם איידעלעם בחור, פאַר א לערנער און ניט פאַר אַזא מין פּראָסטען שאַלעשידעס, ווי דער חיים־שמואל איז

געווען. ווען זי איז שוין געהאט אריבער די צוויי און צוואנציג און קיינער, אפילו קיין אלמן מיט קינדער האט זיך נאך אויף איהר ניט אומגעקוקט, און נאכדעם, ווי די, צו איהר פריינדליכע, אידענע האט דעם חיים־שמואל'ען פארגעשטעלט פאר איהר פאר א געזונטען בחור, האט זי ניט פארמאגט קיין קוראזש זיך פון איהם אפצואווארפען.

אבער מען האט איהר אפילו גארניט געגעבען קיין צייט צו נעהמען זיך איהם אין קאפ אריין . . . צום ערשטען, די באלע־באסטע איהרע, גלייך נאך דעם, ווי יענע אידענע האט גערעדט צו איהר וועגען שידוך פאר דער גאלדען, איז זי באלד געווען אויף די פיס. די גאנצע צייט פון זינט זי איז געקומען צו איהר דינען, פלעג זי איהר מאכען ארבייטען נאך ערגער פון אן אייזעל. אין אנפאנג, איהר געצוואונגען כסדר צו ניאנטשען די קינדער, נאכהער וואשען, ראמען און קאכען, טאהן אלע שטוב־ארבייטען און דערביי איהר ניט ארויסגעצייגט קיין שום מיטגעפיהל, איהר קיינמאל מיט גארניט געהאלפען, צומעהרסטענס, אנגעטאהן אין א גוטער קלייד, אזוי זיצענדיג אויפ'ן פאטעל, בלויז זי איהר כסדר נאר געבען באפעהלען און דערביי האט זי אויך תמיד גע־קוקט אויף איהר, ווי פון אויבען אראפ. אצינדערטא, איז זי ערשינען פאר איהר מיט א פריינדליכער מינע און שוין גערעדט צו איהר ליעבליכע רייד. און דאן זיינען נאך אייניגע אין שטאדט, פון איהר באשטאנד, וועלכע האבען זיך דערוואוסט וועגען דעם, איהר געקומען צו־הילף. א געוויסע האט געלאזט אפבאקען א טאהרט, א צווייטע—א לעקאך און מען האט גע־מאכט די תנאים . . . נאכהער האט מען גארניט פארזאמט; אייניגע האבען געשענקט א פאר אלטע מלבושים, אן אנדערע האט אפילו געליגען איהר חופה־קלייד און מען האט געפראוועט פאר זיי א חתונה! איז דאס שוין געווען א חתונה!

מען האט צונויפגענומען פיש מיט פלייש פאר דער סעודה און מען האט באשטעלט פאר קלעזמארים די „געצעס", וועלכע האבען געבארעבאנעוועט מיט צוויי פויקען, מיט טראבעס און נאר מיט איין פידעל און ניט די „אברעמילס", וועלכע האבען געשפילט מיט צוויי פידלען מיט א באס און מיט א פאר פלויטען

...און כמעט די גאַנצע שטאָדט איז געקומען!

קלמן, דעם בדחן, מיט'ן קורצען בערדעל האָט מען גע־רופען צו באַזעצען די כלה.

דער קאלמאן האָט אויסגעגראמט גאַנצע געשיכטעס: פרעה־ליכע און טרויעריגע, וויינענדיגע און לאַכענדיגע, נאָר בעסער האָט ער עס געטאָהן די וויינענדיגע. ער האָט פארמאָגט א הויכס און אזא טרויערדיגס קול, אז ער פלעג נאָר אָנפאַנגען זאָגען, האָט שוין געקליפּעט ביים האַרצען. און אז ער האָט זיך שוין פאַרנאַנדערגעגראמט און עפּעס א וויינענדיגס, האָבען זיך שוין הערצער אוודאי געעפענט און עס האָבען זיך געגאָסען קוואלען טרערען . . .

גאָר אַ סך פון די דאָרטיגע האָבען זיך געפונען צווישען די אָפּגענאַרטע. און געקריוודעטע, וועלכע זיינען דערפאַר אַרומ־געגאַנגען כסדר מיט שווערע געמיטער, מיט צעוויטאָגטע גע־פיהלען. ביי פילע פון זיי, איבער דער גרויסער נויט און דחקות, און וועלכע זיי האָבען זיך שטענדיג געמאטערט, האָט טאַקע צומעהרסטענס געטראָפען, וואו עס איז אַוועקגעקומען ביי זיי אַ טייער קינד און אויך א פאָטער, אַן אַנדער עלטערער פאַר דער צייט, און זייערע הערצער זיינען צובראָכען געוואָרען, און נאָר, וואו און פאַר וועמען עס האָט זיך זיי געלאָזט, האָבען זיי גע־זיפצט, געוויינט און געקלאָגט . . . ווייבער, אויף וועלכע עס פלעג נאָך פאַלען דער יאָך פונ'ם לעבען פיעל שווערער, האָבען נאָך שטאַרקער געוויינט.

זיי האָבען געוויינט אין די תפילות פאַר'ן אויבערשטען אויף זייער שווער, ביטער מזל. אויף אַ חתונה, אום מען זאָל זיך קענען משמח זיין, האָט מען דערפאַר, ווייזט אויס, איינ־געפיהרט דאָס באַזעצען פאַר דער חופה חתן־כלה. עס קוקט אויס, דער מנהג, זעהר טרויעריג, ווי די ווייבער פלעכטען פאַר־נאַנדער דער כלה די קאָפּ, און דער בדחן דערביי זוכט מיט אַ קלאָגענדיגען טאָן, ווי ווייט ער קען, אויסצוגראַמען אַ בילד פונ'ם ביטערען, געפּלאגטען לעבען, בכדי די מחותנים זאָלען זיך דערוויל וואָס מעהר אויסוויינען און דערנאָך גרינגער זיך קענען משמח זיין . . .

ביי דער גאָלדע׳ן איז עס שוין פאָרגעקומען גאָר האַרצרייַסענדיג: דער קאַלמאַן מיט׳ן קורצען בערדעל, איז אַרויפגעגאַנגען העכער פון אַלעמען, אויף אַ בענקעל—און האָט אַזוי גענומען מיט זיין טרויעריגען קול אויסגראַמען ס׳בילד פון איהר אומגליקליכען יתומה־לעבען:

„ווי אַזוי, ווען זי איז נאָך געווען אַ קליין קינד, האָט זי אָנגעוואוירען דער מאַמען מיט׳ן טאַטען, אַזוי גיך און אַזוי געשווינד! . . . און דערנאָך, ווי אַזוי זי איז געבליבען אויף דער וועלט איינע, אַליין, אַזוי פאַרלאָזען און אַזוי עלענד ווי אַ שטיין! . . . און דאָ האָט ער אַ זאָג געטאָהן:

אוי, כלה׳ניו, כלה׳ניו, וויין־זשע, וויין!" ... איז געוואָרען אַ מין יללה! . . . ווייטער, אַז ער האָט גענומען גראַמען ווי עס איז געווען דער גלויבען, ווי אַזוי איהרע טאַטע מאַמע, אַז זיי וועלען דערהערען שפּילען צו דער חופּה די קלעזמאָרים, וועלען זיי זיך אַרויסהויבען פון זייערע נאַסע קברים! . . . און ווי אַזוי, כאָטש קיינער וועט זיי ניט האָבען געזעהן, וועלען זיי דאָך מיט חתן־כלה ביי דער חופּה שטעהען! . . . ביי די ווערטער האָט זיך פון איינע דערהערט אַ שלוכצען און אַ פּאָר זיינען געפאַלען חלשות . . .

אָבער נאָך דער חופּה האָט טאַקע אָט די אַלע, וועלכע האָבען זיך פריהערט גוט אויסגעוויינט, אַרומגעכאַפּט אַ פריידְ און זיי האָבען לאַנג געטאַנצט און געהעפּקעט . . .

## אין אן אייגענער וועלט, מיט א וואונדערליכען מלאך!

אויף מאָרגען אין דער פריה איז פון די אַלע וואָס האָבען זיך אַזוי משמח געווען, געטאַנצט און געהעפּקעט, ניט געבליבען קיין שריד ופליט . . . די צוויי מענשען זיינען איבערגעלאָזען געוואָרען אַליין מיט די פּאָר אַלטע מלבושים און עס האָט אויסגעקוקט, ניט אַנדערש, ווי מען זאָל זיי געווען האָבען עפּעס אָפּגעטאָהן . . . וואָס האָבען זיי זיך געקענט העלפען? הכלל, זיי האָבען דערטאַפּט דאָס אַלטע, איינגעבויגענע, אונטערשטיבעל און געגאַנגען אין דעם וואוינען.

אן אלטע בעט איז דארט געשטאנען, א צופאהרענעם טיש מיט אן אפגעקלאפטער טאבורעטקע האט ער באקומען פאר מעבעל און ער האט דערווייל אליין צונויפגעשלאגען א נידעריג, פיער־קאנטיג טישעלע פאר א ווארשטאט, מיט נאך א קורצער בענקעלע, וועלכע ער האט אוועקגעשטעלט ביי דעם צוקרומטען פענסטער און האט זיך אנידערגעזעצט צו באשאפען, ווי שוין פריהערט באמערקט, פאר די ארומיגע מענשען, די וואונדער־ליכע זאכען.

אבער די צוויי, ווי ארעם זיי האבען זיך אין דעם איינגע־בויגענעם שטובעל ניט באשטאט, האבען זיי זיך צום ערשטען מאל אין זייער לעבען דערזעהען אין אן אייגענער וועלט, ווייל, פון קינדוויז אן האבען זיי תמיד געלעבט אין א פרעמדער. . . און ווי דער אור איז דארט ניט געווען פארדימפען, האבען זיי אזוי ווי פרייער אפגעאטעמט! . . און עס וועט ניט זיין איבערגעטריבען צו זאגען, אז עס האט פאר זיי אויסגעקוקט שעהן און וואונדערליך! . . באזונדערס, דער חיים שמואל, וועלכען פון זינט זיין מאמע איז געשטארבען, האט איהם קיינער, כמעט קיינמאל נישט צוגעווארפען קיין צערטליכען בליק. אצינדערטא, אז די גאלדע האט געקוקט צו איהם גאר ליעבליך און האט זיך געטוליעט צו איהם, האט ער פאר פרייד ממש ניט געוואוסט וואס צו טאהן, צו זאל ער שפרינגען צו זאל ער זיך אויסציהען . . .

די גאלדע האט דאך פארט געשטאמט פון אן איידעלעם שורש, אז כאטש וואס זי האט גערינט, האט זי געקענט לייענען דעם טייטש־חומש, אפילו—ראוונען, און אויך אביסעל שריי־בען, האט ער געהאט פאר איהר גרויס אפשיי, אז ער האט „אפ־געבלאזען די טריט" . . ער פלעג דער ערשטער זיך אראפ־כאפען אין דער פריה, געבראכט די וואסער צום קאכען, גע־וואשען דאס געפעס, אפילו אויסגעשמירט מיט דער געלער ליים אין זייער שטובעל די ערד אויף שבת. זי איז איהם פארגע־קומען ניט אנדערש, ווי א וואונדערליכער מלאך, וואס איז אראפגעשיקט געווארען צו איהם פונ'ם הימעל; און פון גדולה איבער איהר, ארײנקלאפענדיג א פלעקעל אין א זויל, פלעג זיך

אַזש אַ עקצע טאָהן . . ווידער, זי, באַמערקענדיג ווי גליקליך ער איז מיט איהר, ווי אַזוי ער ווייזט צי איהר איבערגעבענ־הייט, האָט איהר פאַר איהם מעהר וועה געטאָהן דאָס האַרץ און זי האָט געזוכט זיין צו איהם געטרייער.

ווען זיי זאָלען נאָר געווען האָבען עסען צו־זאַט!

זיינען אָבער די מעהרסטע מענשען פון דאָרטען געווען ניט קיין קלענערע רשעים, ווי די פון סדום. ווי ווייט מעגליך, האָבען זיי געוואָלט אַרויסבאַקומען ביי איהם די טייערע, נויטיגע זאַכען, וועלכע ער האָט באַשאַפען פאַר אַ גאָרניט, אַז עס פלעג ביי זיי טעג־ווייז כליאַנען דאָס האַרץ פאַר אַ ביסען. אין איינע יאָהר איז די גאָלדע געבליבען אַזוי אָפּגעדאַרט! די פלייצע ביי איהר, איינגעבויגען, איינגעפאַלען די באַקען, איהר דינע נאָז איז גע־וואָרען פאַרשפּיצט. ער, ווידער, איז געזעסען טאָג און נאַכט אויפ'ן בענקעלע און געאַרבייט, מיינענדיג אַזוי אַרומער עפּעס מעהר צו פאַרדינען. ער האָט שוין באַקומען אַ גרינעם און בלאַסען קאָליר.

און וואָס נאָך:

פונ'ם געפאַלענעם האָבען דאָרטען די אַנדערע געלאַכט, פונ'ם אָרעמען, פונ'ם געדריקטען האָבען זיי געשפּעהט. און זיי האָבען שטאַרק הנאה געהאַט דאָס צו טאָהן. אומעטום, אין שוהל האָט מען איהם באַהאַנדעלט ווי עפּעס אַ נידעריקע באַ־שעפעניש, וואו אַלע האָבען געקוקט אויף איהם ווי פון אויבען־אַראָפּ, און ווען די ציכלאַך פונ'ם בעטגעוואַנט ביי זיי, האָבען זיך צוריסען און די איינשיטען זיינען ערטער־ווייז צושפּאַלטען געוואָרען, וואו דאַן פלעגען די פּעדערן פון די קושענס, פון דער איבערבעט אַרויסרוקען און זיך אָנהענגען ביי איהם אויף די בגדים, אויפ'ן קאַשקעט, האָבען די אַרומיגע ניט באַרעכענט: אי, וואָס עס איז דערפאַר, וואָס ער פאַרדינט ביי זיי צו באַ־הויפּטען אַנדערע, נייע, נאָר זיי האָבען איהם, פון חוזק וועגען געקרוינט מיט'ן צונאָמען . .

וואָס האָבען זיי, דער חיים־שמואל מיט דער גאָלדען געקענט טאָהן צו דער רשעות פון די דאָרטיגע מענשען? טעג און וואָ־כען האָט זיך ביי זיי אין אָרעמען שטובעל כמעט גאָרניט גע־

פונען צו וואָס דערלאַנגען ס׳מויל, האָבען זיי געהונגערט; זיי זיינען געבראַכט געוואָרען, וואו זיי האָבען אויסגעקוקט וויסט און פינסטער און געווען ביי זיך גאָר געפאַלען . .

## דער אויבערשטער איז נאָך ניט געווען געשטאָרבען!

ער׳ט כסדר צוגעזעהן דאָס געמיינקייט, דאָס פאַרדאָרבענקייט פון די דאָרטיגע מענשען,—ס׳איז נאָר א חידוש, וואָס ער האָט ניט איבערגעקערט, ניט אויסגעריסען מיט׳ן וואָרצעל די שטאָדט מיט די מענשען, ווי ער האָט עס אמאָל געטאָהן צו סדום!

עס האָבען זיך אין איהר געפונען א צאָהל, וועלכע זיינען נאָך ניט געווען אזוינע געמיינע לייטען, און אייניגע גאַנצע צדיקים, וואָס האָבען זיך אויפגעפיהרט אָרענטליך און מיט־געפיהלט א צווייטען, פונקט, ווי זיך אליין, און אויך אזעלכע, וואָס זיינען אפילו געווען קאַפּאַבל מקריב זיין פאַר אַן אַנדערן ס׳לעבען . . . קען זיין איבער די האָט ער זיי געשאַנעוועט...

ער פלעג זיי אָבער אינגאַנצען ניט פאַרשווייגען און באַשטראָ־פען, ווי שוין באַמערקט פאַראויס, מיט אַלערליי אַנדערע אופנים;

ער פלעג אויף זיי אָנשיקען קריינק מיט קדחת׳ן מיט כאָ־ליערעס מיט פאַרשידענע ווייטאָגען! פאַר האָבען צו־גרויסע אויגען און וועלען פאַרכאַפּען פאַר זיך, וואָס מעהר, האָט ער געשלאָגען מיט בלינדעניש, טויב געמאַכט; אָט, האָט איינער גענומען הונקען אויף א פוס, פאַראורזאַכט צווישען זיי שרפות, אָנגעבראַכט מגפות, אונטערגעפיהרט צו זיי גנבים, אָנגעשטעלט גזלנים, וועלכע האָבען גענאַנוועט און גענאַזעלט פון זיי וואָס זיי האָבען אויסגעשווינדעלט און איינגעשעבערעוועט פאַר זיך פון אַנדערע, וואו דערביי האָבען די גזלנים אָפטער א סך פון זיי דער׳הרג׳עט. די אָנגעראַבעוועטע פאַרמעגענס האָבען גע־מאַכט זיי זאָלען אַרומגעהען כסדר אין פּחד: טאָמער א גזלן, טאָמער א גנב! . . . פון וואָס זייערע גערדאַנקען זיינען צו־דרייט געוואָרען און זיי פלעגען שרייען און זיך קריגען מיט יעדען איינעם . . . פאַרדעכטענדיג, אַז איטליכער זוכט ביי זיי עפּעס אַריינגאַנוועגען, אוועקנעהמען . . . און ניט איין מאָל

איז עמיצער פון זיי איבער דעם אינגאַנצען אַראָפּ פונ'ם זינען..

אמאָל האָט דער אויבערשטער גענומען אַלעמען אויף צו־להכעיס, איינעם, וועמען די איבעריקע האָבען אַראָפּגעשטויסען גאָר נידעריק, וואו ער איז שוין געווען אָרעם ווי אַ מת און איהם אויפגעהויבען גאָר הויך. איינעם, וועלכער האָט שוין אַפילו געהאַט פאַרגעסען דאָס פּנים פון אַ מטבע, האָט ער פאַר איין מאָל צוגעשיקט אַן אוצר מיט גאָלדערנע רענדלעך ... עס ווערען דערציילט גאַנצע געשיכטעס, וועלכע זיינען זעהר וואונ־דערליך און אינטערעסאַנט, ווי אַזוי ער האָט זיי דעם אוצר צוגעשאַרט; אַזוינער איז דערנאָך געגאַנגען, זיך באַזעצט אין שוהל אויף דער שעהנסטער שטאָט . . . פאַר זיך געקויפט די בעסטע עליה . . . און האָט אַליין גענומען קוקען אויף אַלעמען און גאָר, ווי פון אויבען אַראָפּ . . . ניט ווען, האָט ער עפּעס אַ געפאַלענעם מענש באַגליקט מיט אַ גוטער מחשבה, וואו ער האָט אויסגעטראַכט עפּעס אַ וויכטיג־נויטיגע זאַך, מיט וועלכער מען זאָל קענען גרינגער אָנשעפּען וואַסער, צולייגען אַ פייער וכדומה . . אַן אַנדערן, וואָס איז דאַכט זיך געווען גאָר אַ „קאָניע־לעמעל", האָט גענומען זיך אוועקגעזעצט און אָנגע־שריבען עפּעס גאָר אַ גוטען ספר . . . און אַזוי אַרומער האָבען שוין די נאָר־וואָס באַצייכענטע, אַרויסגערופען צו זיך פון די איבעריקע אַביסעל דרך־ארץ.

איינעם, אויף וועלכען קיינער האָט זיך ניט אומגעקוקט, וואָס מען האָט זיך מיט איהם קיינמאָל גאָרניט גערעכענט, האָט „ער" געפיהרט, ער זאָל ווערען עפּעס „אַ קרוב למלכות" און דאַן האָבען שוין אַלע געדאַרפט פאַר איהם אַראָפּנעהמען ס'היטעל! . . .

עס האָט געטראָפען אַפילו אין דער געשיכטע, וואו אַ גאָלע גאָרניט, אַ גאָרניט שעבע גאָרניט האָט געמאַכט יד־אחת מיט נאָך אַ חברה, אַראָפּגעוואָרפען דעם קייסער און זיך אוועקגע־זעצט אויף זיין שטוהל, הערשעווען! . . . צום באַדויערען, האָבען זיך כמעט אַלע דערהויבענע אַרויסגעוויזען פאַר ערגער; באַזונדערס נאָך די נייע מלכותים, פלעגען נעהמען שעכטען און הרג'ענען אויף רעכטס און אויף לינקס; זאָגאַר פון די חברה־

ליט, וועלכע האָבען זיי פריהער געהאָלפען ארויפזעצען זיך, כסדר פארדעכטענדיג, דאָס זיי ווילען זיי צוריק אראָפּשלעפען!

אָבער דאָ ביי דעם חיים־שמואל׳ן, דער אויבערשטער, אָנ־קוקענדיג ווי אזוי ער ווערט נעבעך פון די איבעריגע באהאנ־דעלט, ווי אזוי ער און אויך די גאָלדע מיט איהם כליאנען כסדר פאר א ביסען, און וועלכען שטובעל זיי וואוינען, און וואָס באר א פנים זיי האָבען שוין געהאט, איז ער געגאנגען און האָט זיי ניט אונטערגעריקט אָן אוצר מיט גאָלדענע רענדלאך, ווי אויך ניט באגליקט איינעם פון זיי מיט עפּעס א גוטער מחשבה, נאָר געטאָהן האט דער אויבערשטער אָט־וואָס:

—ס'איז אייגענטליך ניט צום באגרייפען דעם שכל, פארוואָס האָט ער גאָר דערלאָזען, זיי זאָלען געבראכט ווערען צו דעם טרוייעריגען באשטאנד? ער איז דאָך פון זייער קינדהייט אָן אליין געווען זייער פאָטער? — אָבער וואָס איז שוין דערביי ניט האָבען געווען זיין חכמה, איז שוין געווען . . . דער עיקרשט אצינדערטאָ, איז שוין דאָס אונטערשטע:

די גאָלדע, פון זינט זי האָט חתונה געהאט, איז זי נאָך קיין איין מאָל ניט „פארגאנגען אין טראָגען". ווי א אידענע, האָט זי דאָך געוואָלט געלעגען ווערען מיט א קינד און זי האָט גאָרניט פארפעהלט אלע צוויי וואָכען געהען אין מקוה אריין. אָבער, נאָר יעדעס מאָל איז ביי איהר אלץ דערטראכט, געבליבען פארמאכט . . .

דעם חיים שמואל׳ן האָט עס וויניג געקומערט. זיין לעבען איז געווען גאָר צרה׳דיג. פונדעסטוועגען, געשיקט זיך ניט צו זאָגען, דאָס ווי א מאנסביל, האָט זיך איהם ניט געגלוסט צו ווערען קיין טאטע; אָבער, אז ער איז אויסגעוואקסען אָהן טאטע־מאמע און די גאָלדע איז געווען די ערשטע, וואָס האָט איהם געבראכט נאָהענטקייט, היימישקייט, און טאקע אויך ליעבשאפט, פארשטעהט זיך, דערביי נאָך, וואָס האָט ער איהר געגעבען פאר א לעבען? האָט ער נאָך כסדר געפיהלט ווי צו זעצען איהר אויפ׳ן קאָפּ! און ס'האָט זיך איהם אפילו ניט גע־קלערט, הלמאי זי ווערט ניט געלעגען און ער האָט איהר די גאנצע צייט כמעט „אָפּגעבלאָזען די טריט".

איז עס געשעהען, וואס דער אויבערשטער איז זיי געגאנגען אויפריכטען: ווען זי איז צום לעצטען געגאנגען אין מקוה אריין, לויפען דערנאך אוועק די פאר וואכען, און זי האט זיך מעהר ניט „באזעהען" . . . עס געהען פארביי נאך א צעהן טעג, און נאך א וואך, זי קוקט,—א נעכטיגער טאג! . . .

הכלל, זי האט געקאכט שוין א גרויבענע „יושקע", האבען זייביידע גענעסען; זאגט זי איהם, אז עס טוט איהר וועה די קאפ און אז עס אדעט איהר אויף צום ברעכען, און מאכט קיין לאנגע שהיות, און—פליוך! — ארויסגעגאסען צוריק פונ׳ם מויל די גאנצע יושקע, וואס זי האט אראפגעשלונגען! . . . אבער חיים־שמואל האט זיך גארניט דערשראקען. פארקעהרט, עס איז איהם געווארען גאר פרעהליך אויפ׳ן הארצען; אזוי, אז ער האט זיך אוועקגעזעצט צוריק אויפ׳ן בענקעלע צו זיין ארבייט, איז איהם ס׳פנים געווען ברייטער ווי לענגער—אז פון גדולה, אריינקלאפענדיג א שטיפטעל אין א זויל, אריינציהענדיג מיט דער הול א דראטווע האט ער זיך אלעמאל אונטערגעעצקעט . . .

הכלל, נאך אמאל, ביז אם לעצטענס, די גאלדע מאכענדיג טריט, פלעג ביי איהר די קאפ, מיט׳ן איינגעפאלענעם פנים מיט דער פארשפיצטער נאז ארויסקומען פאראויס און דער בויך איז ביי איהר געווען צוגעדריקט צום רוקען אויף צוריק. נאר פון דאן אן האט זיך דער לעצטער ביי איהר אנגעפאנגען ארויס־הויבען און ארויסהויבען און ביי א זיבען מאנאטען ארום, איז ער שוין ארויסגעשטיגען ווייטער פון איהר פארשפיצטער נאז! . . . ס׳טראגען איז איהר געווען שווער און קיין מאכלים צו פארזוכען אין דער צייט פונ׳ם שוואנגערן האט זי ניט געהאט. קיין מאכלים? אפילו ניט זעלטען קיין שטיקעל ברויט!—האבען זיך ביי איהר גרינע קישקאלאך געצויגען פונ׳ם שטערן, איבער די איינגעפאלענע באקען און אויף די איינגעקווארטע הענט . . . אבער חיים־שמואל פון איין זייט איז פאר איהר געלאפען אצינד אויפהויבען יעדער שווערע זאך. פון דער צווייטער זייט, דער אויבערשטער, וואס האט טאקע געוואלט זיי אויפריכטען, האט געכאפט א קוק, אז עס זאל מיט איהר קיין שום אומגליק ניט געשעהען, ווי למשל עס זאל איהר ניט איבערלויפען קיין שרע־

קענדיגע בריאה; קיין גרויסער הונט, קיין שווארצע קאַץ . . . אָדער נאָך עפּעס ערגערס . . . אַזוי אַרום דאָך איז זי דערגאַנגען אין ניינטען מאָנאַט אריין און האָט געבוירען אַ אינגעלע!

פון איהר געלעגען ווערען איז נאָר דאָ וואָס צו דערצעהלען? זי האָט באַלד נאָכ'ן געבורט אויסגעשיינט, ווי אַן אָפּגעבליאַ־קעוועטע, פאַרשוואַרצטע דראניצע . . .

## אברהמצעניו

אין דער שטאָדט האָט אויך געלעבט איינער אַ גרויסער צדיק — אַ צדיק, וועלכער איז געווען מיט'ן אויבערשטען אַ „גאַנצער שמעלקע".

פלעגט ער ביי איהם אויס'פועל'ן, ער זאָל מוחל זיין, אויב ניט, כאָטש פאַרגרינגערען די שטראָף פון געוויסע זינדערס פון דאָרטען. זאָל מען שוין גאָרניט פרעגען! גאַנצע מחנות פון די זינדיגע בריאים האָבען איהם באַלאַגערט, זיי האָבען ניט אָפּגעטראָטע פון איהם! פאַר זיין קוק פלעגען זיי מאַכען הויות, שפּרינגען צום אויבערשטען, „כאַפּען די ערד"—מיט אַלערליי אופנים האָבען זיי איהם געמאַכט, ער זאָל זיך האַלטען אין איין מוען פאַר זיי ביים אויבערשטען, ביז דער אויבערשטער אַליין, הפנים, האָט שוין אויף איהם רחמנות געקראָגען און צוגענומען פון זיי צו זיך.

אָבער זיי פלעגען קומען אויף זיין קבר, געשטופּט קוויטלאך, אינערווייניג מיט געבעטען ער זאָל זיך פאַר זיי איינשטעלען ביים אויבערשטען, ניט געלאָזט איהם רוהען, אפילו טויטער־הייט!

גאַנצע צאָהלען פון זיי זיינען זיך צונויפגעפאָהרען, זיך צונויפגעזאַמעלט אהינצו, צום ערשטען יאָהרצייט פון דעם צדיק.

עס האָט געטראָפען, אַז דער ברית פון דעם חיים שמואל מיט דער גאָלדע'ס ניי־געבוירענעם זוהן זאָל אויסקומען פונקט אינ'ם טאָג פון יאָהרצייט פונ'ם צדיק.

זיי האָבען, פאַרשטעהט זיך, ניט פאַרמאָגט מיט וואָס צו פּראוועו דעם ברית. האָט עמיצער פאָרגעשלאָגען צו די צונויפ־געפאָהרענע, אַז זיי זאָלען, לכבוד דעם צדיק, מאַכען דעם ברית!

זאָל מע שוין גאָרניט שטעלען קיין קשיה׳ס. עס האָט זיך פאַרנאַנדערגעטראָגען איבער׳ן גאַנצען שטאָדט און כמעט אַלע איבעריקע פון דאָרטען זיינען געקומען! פילע האָבען שוין אפילו מקנא געווען דעם חיים שמואל׳ען מיט דער גאָלדע׳ן און אַ סך ווייבער האָבען געזאָגט: „געבענטשט איז דער בויך, וואָס האָט זוכה געווען צו האָבען אַ קינד צום צדיק׳ס יאָהרצייט“! און די צוויי אָרעמע, פון אַלעמען אָראָפּגעשטויסענע, מענשען האָבען שוין כאָטש דערפיהלט אביסעלע אַ דערהויבונג! ... דער צדיק האָט געהייסען: אברהם און מען האָט איהם פאַרצויגען: אברהמצעניו, און דעם איינגעל האָט מען אַ נאָמען געגעבען נאָכ׳ן צדיק.

## אבראַמעניו

איז דאָס געווען אַן אבראַמעניו! פיסלאַך מיט הענטלאַך זיינען ביי דעם געווען: שטעקלאַך מיט שפּענדלאַך, אָבער אַ קאָפּ האָט עס געהאַט, אַ גרויסע! אין וויגעלע האָט עס קוים געוויאַקעט, ניט געהאַט קיין כח אַ וויין צו טאָהן. טאַטע־מאַמע האָבען אַרום דעם כסדר געפּאַדעט, אָבער זיי האָבען ניט פאַרמאָגט פאַר אַ פלעשעל־מילך און די גאָלדע פלעג איהם אַריינלייגען אין מוילכען אַן איינגעפּאַלענע, ליידיגע פליאַקע.

פון דערסטוועגען איז עס ניט אוועקגעקומען, ער האָט גע־מוזעלט, געהאַט אפילו שקאַרלעטינע, וואו, ווען מען האָט עס אויפגעהויבען די דעקלאַך פון די אויגלאַך, זיינען זיי שוין גע־ווען ווייס און מען האָט עס שוין איבערגעצויגען . . . נאָר דאַן האָט עס אַ פּישטשע געטאָהן און עס האָט ווידער געלעבט און די שטעקלאַך מיט די שפּענדלאַך זיינען ביי דעם אַלעמאָל גע־וואָרען לענגער און די קאָפּ, ווי אַ באַקדוויזשע, מיט אויסגע־בלויזטע, רויטליכע אויגען.

## אבראַמעלע

עס האָט שוין דערגרייכט אַ יאָהר פיער און ווי מען האָט זיך דערמאָלט געפיהרט, האָט עס די גאָלדע איינגעוויקעלט אין אַ שמאַטישער שאַל און שוין אוועקגעטראָגען צום דרדקי־מלמד

אין חדר אַריין. דער מלמד האָט איהר ניט געזאָגט: „סקאַציל קומט“! ער האָט איהר ניט קוים דערזעהען, און נאָך איידער עפּעס איז, האָט איהם שוין אַ גריבעל געטאָהן אין האַרצען, וואָס איז? — ער'ט דאַרפען „האַקען האָלץ“ מיט נאָך אַ „סמאָלע־קאָפּ“ פאַר וועלכען, שכר־לימוד, וועט נאָר דער אויבערשטער איהם אפשר נאָך דעם, ווי משיח וועט קומען, לעתיד לבוא דער־לאַנגען אַ שטיקעל פונ'ם לויתן . . .

ער פלעג גאָר אַזוי ניט אַכטונג געבען, ווען ער האָט זיך געזעצט צום טיטעל און ער האָט גאָרניט געוואוסט ווי אַזוי: אָט, האָט ער שוין געקענט „טראַף“, אָט האָט ער שוין געזאָגט עברי! דער מלמד האָט אויך געלערנט מיט די קינדער מ'חומש און צום דריטען זמן האָט ער איהם זיך געלאָזט זעצען מיט די איבעריקע אינגלאַך שוין צום חומש.

דער מלמד האָט נאָך פריהער באַמערקט, ווען ער האָט מיט איהם געלערנט: קמץ, אלף—אָ . . קמץ־בית—בּו . . מלופּן נון—ני . . ווי זיין קול'כען קומט אַרויס מיט עפּעס אַ זיסקייט, נאָר דאָ שוין פאַרטייטשענדיג איהם שוין דעם חומש, וואו ער האָט מיט איהם איבערגעכאַזערט: ויאמר—ער האָט געזאָגט ה'“—גאָט, אל־צו, משה־מוישען, לאמר—אַזוי צו זאָגען, האָט זיין קול'כען געקלינגען אַזוי, אַז אפילו די איבעריגע אינגלאַך זיינען אַ ווייל'ע געבליבען—שאַ! און דעם מלמד האָט זיך דערביי אויסגעוויזען, ניט אַנדערש, ווי עמיצער אויף דער סטעליע האָט עס אויפגעכאַפּט און וויקעלט עס איבער די באַלקעס . . .

דערווייל איז אָנגעקומען ראש השנה און דער חזן פון דער שוהל האָט געדאַרפט האָבען אַ פּאָר אינגלאַך, זיי זאָלען איהם אונטערהעלפען ביים דאַוונען. ער איז גראַדע געוועזן מיט'ן מלמד אַ חבר און ער פלעג אָפטער אַריינגעהען צו איהם, וואו זיי פלעגען זיך איינער פאַר'ן אַנדערן אַראָפּרעדען פון די הער־צער . . . איז ער אויך גראַדע דעמאָלט אַריינגעקומען צו איהם און נאָך דעם, ווי ער האָט איהם שוין אויסגעדערצעהלט זיינע דאגות לאָזט ער איהם וויסען, צי קאָן ער איהם ניט נאַרייען עפּעס אַ אינגעל, וועלכען ער זאָל קענען אויסשטעלען פאַר די „ימים נוראים“.

פארקלערט זיך דער מלמד און רופט צו דעם אברעמעלע'ן און זאָגט צום ערשטען: נו, אויף ציקאווועס, פארהערט אָט דאָס אינגעל, עס איז חיים שמואל, דעם צופליקטענס, דעם שוס־טער'ס אינגעל! . . . קוויינקעלט זיך אפילו דער חזן, דאָך פאר גייגער ווענען מאכט ער מיט איהם א פראָבע.

אָבער דאָ, וואו עס איז ארויסגעקומען פון זיין מיילכעל דאָס קול'כעל, האָט זיך אזש באר'ן חזן אויפגעהויבען די יאר־מולקע! . . .

ווי אזוי ער האָט איהם אויסגעשטעלט, האָט ער איהם שוין אויסגעשטעלט, עס איז געקומען ראש השנה, אין שוהל, צווישען די איבעריגע משורים, וואָס האָבען ארומגערינגעלט מ'חזן ביים עמוד, האָט זיך דער אברעמעלע אויך געפונען! אָבער יעדערס מאָל וואָס ער האָט א זינג געטאָהן, האָט זיך דער „עולם" אין שוהל א הויב געגעבען! אזוי ביז עס איז געקומען צום „ונתנה תוקף", וואו דער חזן האָט איהם אויסגעשטעלט מיט א סאלע דעם „כבקרת רועה עדרו"!

## ווי אן אלטער פאסטוך

געזינגען האָט ער, מיט אן איילט, געזאָגט האָט ער עס, מיט א „וואלאכעל"! . . . דער גאנצער עולם אין שוהל איז גע־שטאנען ווי געשמידט, אָפען מויל און אויערן, מיט פארגאפטע בליקען ארויף, וואו זיין שטימעלע האָט זיך געקייקעלט פון אלע פיער ווינקלען פון איבער'ן ארון־קדוש מיט אזא זיסקייט, מיט א קינדערשער ווייכקייט . . .

הערצער האָבען זיך פארנאנדערגענומען! אלעמען האָט זיך אויסגעדאכט: ניט אנדערש, אז זיי זעהען דעם אויבערשטען, ווי אן אלטען פאסטוך מיט א שטעקעל, מיט א דודקעלע זיצט זיך אויף א בערגעלע און פייפט אזוי מיט ליעבשאפט, מיט רחמנות אויף זיינע שעפעלאך—איבער זיינע אידעלאך...

נאָך דעם, איז שוין דער שמש אליין אויף זיין אחריות, צוגעגאנגען צו חיים־שמואל'ן, וועלכער איז, ווי געוועהנליך, ווי אלעמאָל געשטאנען ביי דער טיהר און פארבעטען, ער זאָל זיך זעצען אויף א שטאָט שוין אין א מיטעלסטער באנק . . .

נאָכ'ן דאַווענען האָבען איהם אַפילו אַ סך אין שוהל, זאָגאַר דער רב אַליין, געזאָגט: „אַ גוט יום־טוב!" . . .

אַזוי איז דער אָרעמער, אָראָפּגעשטויסענער מענש, חיים שמואל, שוין אַביסעל דערהויבען געוואָרען . . .

פון דער מאַמען, פון דער גאָלדען, איז שוין אָפּגערעדט. דער חזן האָט געזעהען אַז ער, אברעמעלע, זאָל האָבען אַ ניי גראַניטערעל מיט דעם צו קומען אין שוהל אַריין, האָט זי עס אויף איהם אויסגעגלעט מיט טרערען אין אויגען, מיט אַ צו־וויטאָגט הארץ . . .

ווי אַזוי זיי האָבען שוין אויף דעם אברעמעלען איצט אכטונג געגעבען! זיי האָבען אַזש מורא געהאַט צו שלאָפען זיי זאָלען איהם ניט אויפוועקען . . . אָבער דאָס איז נאָך נישט אינגאַנצען;

דער חזן האָט זיך מיישב געווען און איז אַרויסגעפאָהרען מיט איהם אויף שבתים אין דערבייאיגע שטעדט און שטעדטלאך. איז אומעטום, וואו ער'ז מיט איהם געקומען, איז מען געקראָכען אויף קעפּ, איהם צו הערען! . . דער טאַטע, דער חיים שמואל, האָט אוועקגעלייגט דאָס העמערל מיט דער נול און איז מיט־געפאָהרען אויף איהם אכטונג צו געבען און ווי אַזוי ער איז מיט איהם ניט אויסען געווען, האָט איהם שוין דערווייל ניט געכליאַנעט דאָס הארץ פאַר אַ ביסען.

---

אַלץ, דאָס ביז אַהערצו באַשריבענע איז פאָרגעגאַנגען אין דער צייט, ווען דאָרטען איז געווען קייסער אַ „נמרד בן כוש".

ער איז אויך געווען אַ טיראַן, אַ רשע. ער האָט געלאָזט אויסמושטירען אַרמייען־סאָלדאַטען מיט ביקסען און שווערדען, מיט מעסערס און שפּיזען, מיט אַלע אַנדערע וואַפען, ניט בלויז אויף צו באַפאַלען און פאַרקנעכטען איינוואוינער פון אַנדערע לענדער, נאָר ער האָט מיט זיי געדריקט און געהאַלטען פאַר־שקלאַפט די מענשען פון זיין אייגענער מדינה.

צו האָבען געווען פאַר איהם אַ סאָלדאַט, איז אויך גאָרניט געווען קיין שפּילכעל. איידער מען האָט זיך איינגעהובט מיט די וואַפען און אין די איבעריגע חכמות, ווי אַזוי אָנצוגרייפען

און אומברייננגען מענשען, איז מען שווער געפייניגט געוואָרען. אָהן שום שאלות האָט מען געדאַרפט אויספיהרען די באַפעהלען פון די עלטסטע. פאַר ווידערשפעניגען און פאַר גלאַט אזוי אויכעט, האָט מען געקראָגען פעטש מיט קולאַקעס, ארייננגעזעצט פאַר יאָהרען און תפיסה און אפילו באַשטראָפט מיט דער מיתה, און דאָס לעבען פון אַ סאָלדאַט האָט ניט די ווערט געהאַט קיין צובראָכענע כסא . . . איין מאָל האָבען זיך די באַפאַלענע אָפטער אַנטקעגען געשטעלט און גע׳הרג׳עט צוריק, און ווייטער האָבען זיך תמיד געפונען טיראַנען, מעהר ווי איינער. און אזוי ווי עס האָט זיך זיי אַלעמאָל געגלוסט צו זיין די איינציגע הער־שער, פלעגען זיי ניט זעלטען ארויסשיקען זייערע סאָלדאַטען אויסצושלאַכטען, פאַרניכטען די פון די אַנדערע.

מענשען האָבען זיך דאַרום געשראָקען צו ווערען סאָלדאַטען.

פאַר דעם „נמרד“ האָט מען געדאַרפט דינען לאַנגע יאָהרען. אַ סך האָבען זיך פאַרקריפּעלט, זיך געמאַכט טויב און שטום, בלינד און קרום, זיך אָפּגעהאַכט פינגער פון די הענט, זיי זאָלען מעהר ניט טויגען פאַר קיין סאָלדאַטען און מען זאָל זיי לאָזען צורוה. אָבער דער רשע, נ., האָט ארויסגעגעבען אַ גזירה, וואו יעדע שטאָדט און שטעדטעל האָבען געמוזט צושטעלען אַ פינקטליכע צאָהל פאַר סאָלדאַטען.

קינדער האָט מען גענומען; מ׳האָט זיי אַוועקגעכאַפּט פון זייערע עלטערן, זיי פאַרשלעפּט אין ווייטע מקומות, וואו אַ סך פלעגען אָהן זייערע טאַטע־מאַמע אומקומען און די געבליבענע האָט מען אַוועקגעגעבען דערוויל צו אָפיצירען פאַר משרת׳לאַך און אַבי זיי זיינען אַביסעל אונטערגעוואַקסען האָט מען זיי אָנ־געפאַנגען פלאַגען מיט דער סאָלדאַטעריי.

ווען דער חזן איז מיט דעם אברעמלען מיט זיין וואונדערליך־זיסען קול׳כען ארומגעפאָהרען אויף שבתים אין די דערבייאיגע שטעדט, איז ער נאָך ניט אַלט געווען מעהר פון אַ יאָהר ניין. געפינענדיג זיך אין דער היים, איז ער נאָך געגאַנגען אין חדר.

ויהי היום, איז עס טאַקע געשעהען אין אַ וואָלקענדיגען טאָג פונ׳ם חודש תשרי; די מאַמע אַליין האָט איהם פונ׳ם וואַרמעס, ווי זי פלעגט עס אַלעמאָל טאָהן, אַוועקגעפיהרט צוריק

אין חדר. פון די איבעריגע אינגלאך האָט זיך נאָך דאָרט קיינער ניט אומגעקערט און דער מלמד, אַליין, איז נאָך אויך געווען צוגעשפּארט צום טיש און דאַן געכאַפּט אַ דרימעל, האָט דער אברהמ׳על זיך דערוויילן אַזוי צוגעשטעלט צו דער הריבע, וואָס לעם דער קוך מיט׳ן פּריפּעטשאָק . . . האָט מען דאַן דערהערט אַ געשריי: „גאָלדע, גאָלדע, מ׳האָט אָוועקגעכאַפּט אייער אינגעלן . . !

די חדרים זיינען דעמאָלט געווען פּאסקעס פאַר די כאַפּערס אויף צו פאַצאַפּען אינגלאך: אין זייערע היימען האָבען זיך די עלטערן געשטעלט פאַר זיי ביז׳ן בלוט אַריין. דערביי האָט מען גיכער געכאַפּט אינגלאך פון אָרעמע עלטערן, וואָרום די פאַר־מעגליכע האָבען, איין מאָל, זייערע געקענט בעסער אויסבאַ־האַלטען, והשנית, האָבען זיי די כאַפּונעס אַריינגערוקט אין דער יד אַריין, זאָלען זייערע פאַרקוקען . .

די גאָלדע האָט אָנגעהויבען לויפען און האָט זיך אָנגעהאָנגען אין וואָגען, אין וועלכען דער אברהמעלע איז געווען אַריינגע־שליידערט און האָט געשריען מיט באַנומענע קולות: „גיט מיר אָפּ מיין קינד, מענשען ראַטעוועט!" . . . האָבען די כאַפּונעס איהר געקנאַקט מיט די בייטשען איבער די הענט, אָבער זי האָט ניט אָפּגעלאָזען . . .

חיים־שמואל, דער טאַטע, האָט דערהערט, איז ער אויך גע־לאָפען און ווי שנעל די פערד זיינען ניט געטריבען געוואָרען, איז ער זיי פאַרלאָפען דעם וועג און מיט די הענט געפּאכעט צו זיי אויף צוריק . . . ביז דער אָנטרייבער האָט זיי דערלאַנגט אַ פּאָר שטאַרקע שמיץ, האָבען זיי איהם אומגעוואָרפען און מיט׳ן וואָגען איהם איבערגעפאָהרען און ער איז געבליבען ליגען מיט צובראָכענע פיס! . . . און דאָ האָט נאָך איינער פון די כאַפּונעס מיט דער פוס, מיט׳ן שטיוועל אַ שטויס געטאָן דער גאָלדען, דער מאַמען אין קאָפּ אַריין, האָט זי אָפּגעלאָזען און איז נאָכגעפאַלען אַ באַוואוסטלאָזע.

(מיין פאָטער ע"ה פלעג דערצעהלען ווי אַזוי מען האָט אָוועק־געכאַפּט זיינעם אַ ברודער, וועלכער איז אַלט געווען ניט מעהר פון אַ יאָהר אכט, און אַז ער, מיין טאַטע, איז נאָך דאַן אויף

דער וועלט ניט געווען. און אז זיין טאטע־מאמע, מיין באבע מיט מיין זיידען, ה. ע.„ האבען דערנאך געוויינט איבער דעם און געקלאגט אלע זייערע יאהרען. זיי האבען זיך קיינמאל ניט געקענט דערפרעגען וואו ער איז אהינגעקומען און זיינען פון הארץ־ווייטאג, טאקע, געגאנגען יונגערהייט פון דער וועלט).

פון דעם פארגעבראכטען איז שוין מעגליך זיך פארצושטע־לען, וואס פאר א תכלית עס האט געקענט ווערען פון אזא חיים שמואל׳ן מיט דער גאלדען! דער אינגעלע איז דאך געווען ביי זיי די איינציגע טרייסט, דער גארער נחת! — איי וועה, איי וועה, מיינע ארעמע און אומגליקליכע זיידע און באבע! . . .

מיר׳ן וועגען דעם מעהר ניט רעדען, מיר׳ן געהען זעהען, וואס איז ווייטער געשעהען מיט דעם אברהמ׳עלען:

ווי דער זינגער פון דער בענקשאפט נאך ציון האט עס אי־בערגעגעבען ביי זיינע ארויסטרעטונגען, ווי אזוי, ווען ער, דער זיידע זיינער, האט עס דערצעהלט, פלעג ער שטענדיג זאגען, אז ער געדענקט עס נאך פונקט אקוראט, ווי נעכטען זאל עס האבען געשעהען, ווי אזוי ער איז זיך געשטאנען אין חדר, לעם דער הריבע, וואס ביי דער קוך מיט׳ן פריפעטשאק . . מיט אמאל זיינען אויסגעוואקסען פאר איהם צוויי פארשוינען, איי־נער א פעמפיק און דער צווייטער, א צאפליק, וועלכע האבען איהם א פאק געטאהן פאר די אקסעלס, איהם שנעל ארויסגע־טאסקעט און אריינגעשליידערט אין א טיפען וואגען מיט שטרוי. דער פעמפיק האט זיך גלייך געכאפט טרייבען די פערד, און דער צאפליק האט איהם גענומען פארדעקען מיט דער שטרוי. ער האט זיך געפרואווט ארויסהויבען, האט איהם דער צאפליק דערלאנגט א שמיץ אין קעפעל, איז ער שוין געבליבען ליגען, ווי אין א הוהנער־פלעט . .

ווען ער איז געקומען צום באוואוסטזיין, האט ער ס׳ערשטע דערבליקט דעם פרייען הימעל און די צוויי פארשוינען, פון וועלכע דער גראבער האט געשמיצען די פערד און דער מאגערער האט געווארפען אויף איהם זייטיגע בליקען. ער האט גלייך גענומען וויינען און שרייען: מאמע, מאמע! האט איהם דער פעטער דערלאנגט א קנאק מיט דער בייטש, אז ער האט זיך

צונויפגעקארטשעט און יענער האט איהם געווארענט ער זאל זיין שטיל, איז ער דאן געבליבען זיצען און געציטערט א צאהן אין א צאהן . . אזוי ביז זיי האבען אריינגעיאגט די פערד־מ'וואגען מיט איהם אין א בריטען הויף אריין, פאר א ווייסער שטוב. און אז דארטען האט מען איהם אראפגענומען פונ'ם וואגען אין דער הויז אריין, א קאנצעליאריע, קאנטור, איז דאס געווען, האבען איהם צוגעשטעלט פאר א טיש, פאר וועלכען ס'איז געזעסען א מאן אהן א היטעל, האט ער אויף איהם גע־ווארפען קוקען, ווי פון אונטערן שטערן און פארשריבען און פארשריבען.

נאכדעם האט מען איהם אריינגעלאזט אין א צימער און דארטען האט ער דערזעהן נאך א צאל אינגלאך, וועלכע האבען זיך געטוליעט איינעם צום אנדערן און א פאר האבען זיך צו־כליפעט, אז זיי ווילען אהיים. נאר באלד האט זיך געעפענט די טיהר און צוויי פארשוינען אין הויכע קוטשמעס, אין שטי־וועל, האבען זיי אלע ארויסגעשטויסען, אריינגעזעצט אין א וואגען מיט א הויכער בויד און זיי אוועקגעפיהרט ווייטער.

און די האבען זיך אפגעשטעלט מיט זיי אין שטעדט, אין שטעטלאך פאר אזוינע קאנצעליאריעס, וואו מען האט איבער־געשריבען. און ווי אזוי אויפ'ן וועג, ווי דער זינגער האט איבער־געגעבען האט יענער דערצעהלט, האבען א פאר אינגלאך ניט געוואלט אויפהערען וויינען און האבען זיך אלעמאל צוכליפעט, אזוי זיי ווילען אהיים, ביז א פיהרער האט דערלאנגט איינעם א שטארקען זעץ, איז ער געבליבען ליגען שטיל און דאס פנים איז געווארען רויט ווי פייער . . דאן האט ער געזעהן, ווי זיי האבען אין מיטען פעלד, אויסגעגראבען א גרוב, איהם אריינ־געלייגט און פארשאטען מיט דער ערד . . אזוי האט מען זיי געפיהרט, מען האט זיי עטליכע מאל איבערגעענטפערט פון הענט צו הענט, ביז מען האט זיי פארשלעפט אויף אן ארט לעם א דארף פון א פראווינץ טיעף אין דער מדינה.

דארטען האט מען די לעבעדיגע געבראכטע פון זיי אין א קאנצעליאריע, קאנטור, ווידער איבערגעשריבען און א פיער, וועלכע זיינען נאך געווען צו־קליין פאר דער סאלדאטעריי, צווי־

שען וועלכע ער האָט זיך געציילט, האָט מען דערווייל פּאַרטיילט צו אָפיצירען פאַר משרת'לאַך.

און פון דאַן, לויט, ווי דער זינגער פון די ציון־לידער האָט עס פאָרגעבראַכט, וואָס ער האָט געהערט פון איהם האָט זיך ערשט אָנגעפאַנגען זיין פּייניגונג.

עס איז איהם באַשערט געווען אָנקומען צו אַן אָפיציר, אַ זוהן פון אַ פּויער, וועלכער האָט אפילו אויף קיין איין רגע ניט אויפגעהערט צו שטאָלצעווען מיט זיין דערגרייכטען סאָלדאַ־טישען ראַנג. נו, האָט ער געדאַרפט פאַר איהם כסדר אויס־פּוצען די שטיוועל זאָלען אַדורכאויס בליאַסקען אַזוי ווי אַ וואַסער. טאָמער ניט אַזוי האָט ער איהם איין מאָל שיעור ניט אָפּגעריסען אַן אויער.

די אָפיצירקע האָט זיך דוקא באַלד געוויזען צו איהם מיט פריינדליכקייט, האָט זי אָבער איהם מיטגעפיהרט אין קלויסטער אַריין, וואו דער גלח האָט גלייך גענומען דבר'ען צו איהם ער זאָל זיך אָפּטויפען.

מיט די אַנדערע אינגלאַך וואָס מ'האָט געבראַכט מיט איהם איז עס איהם, הפנים, ניט שווער אָנגעקומען, ווייל, ווי דער האָט עס איבערגעגעבען ווי יענער האָט עס דערצעהלט, האָבען זיי שפּעטער, ווען ער האָט זיי באַגעגענט שוין אַלס סאָלדאַטען, האָבען זיי געטראָגען ציילימער אויף די העלדזער, אַזוי ווי אמת'דיגע „כלאָפּצעס" . .

מיט איהם אָבער איז עס דעם גלח ניט געגאַנגען.

פאַרוואָס? — איבער דאָס פאָלגענדע:

דער אברעמעלע דאַן, האָט זיך געהאַט אַזאַ מין שעהן און זיס קול'כלען, וואָס האָט איהם געפיהרט ער זאָל זינגען פאַר'ן „עמוד". האָט זיך אָבער דערצו ביי איהם געפונען אַ פיין קעפּעל צום איבערנעהמען.

נאָך איידער מען האָט איהם אַוועקגעכאַפּט צו אַ יאָהר—אַכט האָט ער שוין געלערנט, גאָר פיין אַ בלאַט גמרא. ער האָט אָפּ־געזאָגט אַ שיעור פון וועלכענער מסכת, ווי ער פלעג עס מיט'ן גמרא ניגון מיט זיין זיס, שעהן שטימעלע אויסקלינגען, האָבען דערבייאיגע דאָס אויסהערענדיג, זיך אַזש באַלעקט . .

דאָס דאַווענען דעם תהלים, האָט ער געזאָגט אָהנ'ס סידור, אַזוי ווי אַ וואַסער! נאָר אויך דעם „פסוק„ פון ישעיה, ירמיהו, יחזקל, אַ טייל פון די „תרי־עשר" האָט ער געקענט אויף אויסענ־ווייניג! אויך האָט ער שוין מעביר געווען די סדרה; אָהנ'עם טראָפּ, און אויף זיין טאַטען, אויף דעם חיים־שמואל, דעם צופליקטען, האָט מען שוין צוליעב איהם מעהר קיינער ניט געקוקט, ווי פון אויבען־אַראָפּ..אָנגעזעהענע, גביר'עשע באַלע־באַטים, וועמענס אינגלאַך האָבען דוקא געהאַט אַזוינע, פאַר־שטאָפּטע קעפּ, האָבען נאָך, איין מאָל, שבת וואו דער אברעמעלע האָט אָפּגעזאָגט אַ מפטיר'על, איהם ממש מקנא געווען און גע־פיהלט זיך צו איהם אונטערטעניג! . .

אָבער נישט דאָס!

די זאַך—וואָס אָט דער קליינער אברעמעלע, דעמאָלט, איז שוין געווען אַדורכגעדרונגען מיט דער אידישקייט, מעהר, ווי אַנדערע צעהן גרויסע „ראבנ'ס מיט שמעונ'ס"! איז אַצינ־דערטאָ, ווען ער האָט דערזעהן, אַז מען וויל איהם דאָ אָפּשמאַדען איז איהם באַלד ארויף אויפ'ן געדאַנק די געשיכטע פון אברהם, אבינו'ן, ווי אַזוי ער האָט זיך געלאָזט אַריינוואַרפען אין קאַלך־אויווען פאַר זיין אידישען גלויבען, ווי אויך האָט ער געוואוסט די מעשה מיט חנניה'ן, משאל'ן והזריה'ן און מיט די דניאל'ען וועלכען מען האָט איבער זיין אידישען גלויבען אַראָפּגעלאָזט אין אַ לייבען־גרוב און בכלל זיינען איהם ניט געווען פרעמד די געשיכטעס פון די צרות וואָס אידען האָבען איבערגעטראָגען אויף זיך, וויפיעל מאָל זיי האָבען זיך שוין מקריב געווען פאַר זייער אידישען גלויבען, האָט ער זיך איינגע'עקשנ'ט, וואָס עס זאָל ניט פאַרקומען, וועט ער זיך ניט לאָזען אָפּטויפען . . און ווי אַזוי דער גלח האָט שוין ניט געדאַבערט איבער איהם, וואָס ער האָט איהם ניט געמאָלען פאַר אַ גליקען, וועלכע וועלען איהם טרעפען ווען ער'ט זיך שמאַדען, ווי אַזוי ער וועט אַריין אין ליכטיגען גן־עדן, און אַז טאָמער, חלילה, ניט, וועט זיך זיין נשמה בראָטען און ברענען אין גיהנום . . איז ער געשטאַנען צו איהם ווי די וואַנט . .

וואָס נאָך האָט ער געטאָהן, אָט, דער קליינער אברעמעלע, ער'ט ביי זיך אָפּגעמאַכט ניט נעהמען אין מויל אריין קיין טרייפענע מאכלים. ער האָט געגעסען אַ שטיקעל ברויט, אַ קאַר־טאָפּליע, אַ גלאָז מילך, אַן איי.

דער אָפיציר מיט דער אָפיצירקע האָבען זיך געוואונדערט און האָבען עס גאָרניט געקענט באַגרייפען און גענומען פיהלען צו איהם אַן אָפּשיי. ער פלעג פאַר זיין אהרענטע טאָהן אַר־בייטען, געהאָרכזאַם, אַז זי האָט איהם ליעב געקראָגען און האָט אויף איהם רחמנות געהאַט.

אין אָנפאַנג האָט דער גלח געזוכט איהם איינצואוועדען פאַר טויפען מיט גוטען, אַרויסגעבראַכט האָט ער פאַר איהם די דיבורים אויף אַ פאָטערליכען און פריינדליכען אופן. אָבער זעהענדיג, אַז ער רעדט, ווי פאַר געמוהלאַכץ . . איז ער גע־גאַנגען פּרואוועז מיט בייזען. ער האָט איהם געהאַלטען אין קלויסטער, דריי טעג מיט דריי נעכט און פאַרזאָגט דעם דיאַקאָן ניט צו געבען איהם קיין ברויט, קיין מילך, נאָר איהם דערלאַנגט חזירים'שע פּאָטראַפּיעס. אָבער דער האָט אויף זיי אפילו קיין קוק געטאָן, וואו ער איז שוין געלעגען פאַרשמאַכט . .

ווייטער, האָט דער גלח פאַרזאָגט דער אהרענטע זיינער, ניט לאָזען איהם שלאָפען מעהר אין שטוב, נאָר ער זאָל ביי איהר ליגען אין אַ שטאַל מיט די פערד, ווי דער הונט. האָט עס איהר זיך געגלוסט טאָן, צו ניין, זי האָט אָבער מורא געהאַט ווידערשפעניגען דעם גלח . . אַזוי ווי עס איז געוועזן ווינטער, איז זיך דאַן מיישב, דער אברעמעלע, און פאַרקיהלט זיך, אַזוי שלאָפענדיג אינ'ם שטאַל.

ווען זי איז אַריינגעקומען, ווייל ער האָט זיך מעהר ניט באַוויזען, איז ער שוין געלעגען און האָט, נעבעך, געטרייסעלט אַ צאָהן אין אַ צאָהן, ס'פּנים האָט איהם געפלאַמט און די ליפּען זיינען איהם שוין געוועזן—ווייס . . ער האָט דער צעהלט, אַז ער האָט געדענקט ווי ער האָט באַמערקט, אַז ווען זי האָט איהם אַזוי דערזעהן, איז זי געוואָרען בלייך און האָט געשעפּשעט: באָזשע מאָוי, באָזשע מאָוי! ג. מיינער!

וואָס ווייטער איז מיט איהם געשעהן האָט ער מעהר ניט געוואוסט. ער'ז אַזוי פאַרשלאָפט געוואָרען, אז ער האָט פאַר־לוירען מ'געדאַנק. ווען ער האָט זיך איהם אומגעקערט, האָט ער זיך דערזעהן אויף אַ בעטעל אין אַ באלניצע, שפיטאָל. וואָס איז איהם געווען? ער איז אָנגעגריפען געוואָרען פון אַ שווערען טיפוס . .

אַזוי ווי אַלץ וואָס ער איז פאַרביי האָט איהם זעהר אויס־געמוטשעט, האָט איהם דער טיפוס אָהן שום מניעום אַריינ־באַקומען אין זיינע טויטליכע לאַפּעס. ער איז געלעגען אין אַ העלישען פייער און ניט קיין ווייניג מילדערען און קיין קלענער סכנה'דיגערען פון דעם פייער, אין וועלכען מען האָט אַריינ־געוואָרפען דעם ערשטען אברהם'ען, אברהם אבינו'ן — אינ'ם קאַלך־אויוועז . . און פון גרויס היץ אין וועלכער ער האָט געגליהט, האָט ער נאָך מיט זיין שעהן און זיס קול'כעל אויס־געזונגען תפילות פונ'ם דאַוונען, קאַפּיטלאך תהלים. אַזוי האָט ער איין מאָל מיט'ן טרויעריגען ניגון, מיט'ן טאָן פון געבעט אויסגעזונגען: מה בצה בדמי, ברדתי על שחת? . . וואו ביי דער פעלשעריצע, ביים דאָקטאָר, כאָטש ניט פאַרשטעהענדיג פון די ווערטער מ'טייטש, האָבען זיך געשטעלט טרערען . .

אָט, האָט דער טיפוס זיך אַ נעם געטאָן צו איהם, איין מאָל פאַר אַלע מאָל איהם פאַרברענען—מאַכען איהם דעם סוף. דאָס פּנים, די אויגען האָבען שוין ביי איהם געהאַט דעם אויסבליק פון קויל און די ליפּען—ווי אש! . . מען האָט שוין געבראַכט דאָס טויטע טראָג־בעטעל, נאָר דאַן האָט ער נאָך געגעבען אַ שוואַכען קרעכץ: אוי, מאַמע! . . .

דער טיפוס איז איהם ניט בייגעקומען און האָט גענומען אָפּטרעטען. אָבער די האָר פונ'ם קאָפּ זיינען ביי איהם געווען אינגאַנצען אויסגעפאַלען און די צייהן אין מויל האָבען זיך ביי איהם געבויגען און געשאָקעלט . .

עס זיינען פאַרביי וואָכען און מאָנאַטען, ביז ער האָט זיך געקענט שטעלען אויף די פיס. ווען ער האָט שוין אויסגעזעהן שטאַרקער, האָט מען איהם מעהר ניט געשיקט צום אָפּיציר,

נאָר אזוי ווי ער האָט שוין דאָ, בינו־לבינו, געהאט דערגרייכט א יאָהר צוועלף, האָט מען איהם אָפּגעפיהרט אין א קאַזארמע, שוין צו לערנען איהם דאָס סאָלדאטעריי.

## אבראשא

### דריטע אויפפאַסונג

און לויט דער זינגער פאַר ציון האָט איבערגעגעבען, פלעגט ער, וואָס ער האָט אדורכגעמאכט אלס סאָלדאט האלטען אין דערצעהלען און אין דערצעהלען:

ביים אָנפאנג, וואו, וואָס ארויסקומענדיג פונ'ם געפעהר־ליכען טיפוס, האָט ער אויסגעשיינט דערשלאָגען און שוין אזוי ווי א צוגעטאמטער—ער האָט אָבער די סאָלדאטסקע תורה גיך איבערגענומען.

די אנדערע מיט איהם, וועלכע זיינען אמעהרסטענס געווען קינדער פון פויערים, האָבען זיי זיך געדארפט כאַזערן און חוזרן, וואו דערביי האָבען די אָפיצירען זיי דערלאַנגט פעטש, מכבוד געווען מיט קארצער, געשטעלט אויף דער וואך און ערשט, אז ער איז געקומען צו עפּעס, האָבען זיי זיך פארפלאָנטערט מיט די דאטומס, ביי די טיטלען, אין די נעמען, ווי למשל, אנשטאט אויסרופען מ'קייסער: נמרד בן כוש, האָבען זיי עס געזאָגט פארקערט . . נאָר ביי איהם זיינען די אלע מעשות געווען א גאָרניט, איינס און צוויי. ער האָט זיי שוין געוואוסט. אז דער אָפיציר זיינען וועלכער האָט זיך אמאָל אליין פיעל געמאטערט, איידער ער האָט זיי געדענקט, איז געוואָרען אויף איהם פאַר־דראָסיג; הלמאי, ער האָט אַזאַ גוטען קאָפּ און ער האָט איהם אינמיסטנע פארדרעהט און איהם אויך צוגעטיילט פעטש און א פּאָר מאָל געזעצט אין קארצער. אָבער לסוף, האָט ער איהם אליין צוגעשארט א רעדעל מיט כאמולישטע סאָלדאטען ער זאָל מיט זיי איינשטודירען.

צוליעב וואָס ער האָט פארמאָגט א בעסערן שכל, האָט ער זיך אין דער קאזארמע מיט די סאָלדאטען אויך ניט געפיהלט

היימיש. זיי האָבען זיך מיט איהם ניט געכאַוועדט און איינינע האָבען איהם אַפּילו אָפּגעטאָן שפּיצלאַך, ווי פאַרבאַהאַלטען די שיך, וואָס ער פלעג דערפאַר פון די עלטסטע קראָגען באַשטראָפט, וואָס איז איהם שוין ניט געווען קיין געלעכטער.

אין די מיליטערישע איבונגען, מיט כלי־זיין איז ער אויך ניט געווען הינטערשטעליג. אָבער דאָס איז שוין געווען גע־וועגדט אין דעם קאָמאַנדיר, וואָס ער׳ט געהאַט איבער זיך. ער האָט געהאַט איינעם איז ער געווען אַ גוטער. לשם דיסציפּלין, האָט ער זיך באַנומען שטרענג, אָבער אין דעם טאָן פון זיינע באַפעהלען צו די סאָלדאַטען, האָט זיך געשפּיהרט אַ פאָטער־ליכקייט, ער פלעג זיי ניט שלאָגען, אויך איהם האָט ער גע־טריטען איידעלער, איז פאַר דעם איז ער געקראָכען ווי אַ קאַץ, געשפּרינגען ווי אַ האָז און געקלעטערט ווי אַ ווערריק און שיסענדיג, אַ סך מאָל געטראָפען אין פינטעל אַריין . .

זיינען אָבער, כמעט אַלע איבעריקע געווען פאַרגרעבטע, ענג־האַרציגע, וועלכע פלעגען די סאָלדאַטען שלאָגען און שענד־ליך באַליידיגען, אַזוי ווי זיי זאָלען האָבען געווען זיין די פאַר־שאָלטענסטע בריאים. באַזונדערס איהם, האָבען זיי חוץ די פּעטש וואָס זיי האָבען איהם צוגעטיילט אויך אַלעמאָל געשריען: אידישע מאָרדע. אַרויסקומענדיג פון דער געפעהרליכער טיפוס קריינק, וואו מען האָט איהם אַוועקגענומען צו דער סאָלדאַטעריי, האָט ער פון דער אידישקייט אַ סך נאָכגעלאָזען; אַ צייט האָט ער זיך געוועהרט מיט די סאָלדאַטסקע געקעכצען, ניט געוואָלט זיי אַפּילו פאַרזוכען. אָבער ניט האָבענדיג גאָר צו קריגען קיין אַנדער עסען, האָט ער זיי געמוזט נעהמען אין מויל אַריין. אַ פּאָר מאָל האָט ער געבראָכען, נאָר ענדליך האָט ער זיך צו זיי צוגעוועהנט . .

אַזוי אויך איז איהם מער ניט מעגליך געווען אָפּצוהיטען ס׳דאַווגען. תפילין אין דער סאָלדאַטעריי האָט ער זאָגאַר ניט אָנגעהויבען צו לייגען און אַזוי ווי ער׳ט מעהר ניט געלערנט— וואָס ער האָט געקענט, האָט זיך איהם, ביסלאַכווייז גענומען פאַרגעסען. אַפּילו דאָס אידישע לשון, וואָס ער׳ט דאָרט מיט

קיינעם ניט גערעדט. האָט זיך אויך אויפגעהערט צו גערענקען. נו, וואָס איז געוואָרען פון זיין שעהן זיס קול'כען?—אזוי ווי אמאָל די לויים, ביי די טייכען פון בבל האָבען אויפגעהאָנגען זייערע שפּיל אינסטרומענטען אויף צווייגען און מעהר ניט געוואָלט שפּילען, אזוי האָט ער פון זינט מען האָט איהם אוועקגעכאַפּט, דאָס מעהר ניט אויפגעהויבען . .

מיט דער צייט איז ער שוין כמעט געוואָרען גלייך מיט די אַנדערע סאָלדאַטען. מיט איין זאך איז איהם געבליבען אונטערצושיידען פון די איבעריקע מיט איהם; כמעט אַלע האָבען זיי כסדר געטראָגען אָנגעהאָנגען ארום האַלדז אויף א דין בענדעלע א קליין ציילימעל. און דאָס האָט ער קיינמאָל ניט געוואָלט טאָן!

אפילו, וואו דערפאַר הייסט עס, ווי ער פלעגט עס דערצעהלען, איז ער זיך אויסגעשטאַנען דאָס פאָלגענדע:

ערשטענס, מילא, די באַפעלען פון די עלטסטע, וועלכע ער האָט געדאַרפט אויספיהרען, ווי אַלע אַנדערע סאָלדאַטען, האָט ער אויסגעפיהרט. אָבער מיט די פּעטש מיט די זידלערייען, מיט וועלכע זיי פלעגען איהם דערביי מכבוד זיין, האָבען זיי איהם אויך אַלע מאָל איהם געשריען: אידישע מאָרדע. ווייטער, האָבען איהם אפילו די איבעריגע סאָלדאַטען, וועלכע זיינען אליין געלעגען ביי די עלטסטע „ניין איילען אין דר'ערד", שוין ניט אזוי ווייל ער האָט פאַרמאָגט א בעסערן קאָפּ, נאָר דערפאַר, וואָס ער האָט ניט אָנגעהאָנגען אויפ'ן האַלדז אזא ציילימעל ווי זיי, איהם אויסגעטיילט פון זיך.

געוועזן איז ער מיט שוואַרצע אויגען, אין וועלכע ס'האָט זיך אימער געשפּיגעלט א מילדקייט; זיין גאַנצע פיזאָנאָמיע האָט אויסגעדרוקט אַן איידעלקייט, א בעסערקייט, אזוי, אז סאָלדאַטען פלעג זיין אויסזעהן מאַכען זיך צו פאַרדענקען . . אָבער די מעהרסטע, באַזונדער דערפאַר, וואָס ער'ט ניט געטראָגען דאָס ציילימעל באַגלייך מיט זיי, איהם אימער צוגעוואָרפען פאַראַכטענדיגע בליקען, איהם זאָגאַר גערופען מיט שימפּענדיגע ווערטער און ער האָט זיך כסדר געפונען אָפּגעפרעמדט.

## מיט די נאקעטע קניה אויף הייסער, אירזשענער קאשע

מען האָט איהם געפּרואווט צווינגען דאָס אָנצוטאָן:

ער האָט געהאַט איבער זיך אַ קאָמאַנדיר, וועלכער איז געווען אַ גראָביאַן, אַן ענג־הארציגער, פלעגט ער שלאָגען און זיך נוקם זיין אין די סאָלדאַטען, ערגער ווי די אַנדערע אָפּיצירען האָבען עס געטאָן . . . איהם האָט ער פּראָסט און פּשוט מודיע געווען, אַז ער זאָל אָנהענגען דאָס צלמ׳על, אַז ניט, וועט ער איהם אָפּגעגנען די יאָהרען. ער האָט איהם אַלע מאָל געטיילט פּעטש, געשריען: אידישע מאָרדע, אידישע פעל, איהם געזעצט אין קארצער. ער איז שוין געווען אַזוי צומישט, ער האָט שוין ניט געוואוסט אויף וואָסער וועלט ער געפינט זיך! און לסוף האָט מען באַגאַנוועט דעם אַרסענאַל, האָט ער אויף איהם געמאַכט דעם בילבול, אַז ער האָט אַ יד אין דעם . . ער האָט איהם דאַן געלאָזט שטעלען מיט די נאַקעטע קניה אויף הייסער הירזשענער קאַשע . . . אָבער וואָס פאַר אַ צרות ער האָט ניט אויסגעליטען, וויפיעל ער׳ז ניט געפּייניגט געוואָרען, איז זיין ענטפער געווען אַזוי ווי פונ׳ם ערשטען אברהם—לאַ מיט אַן אלף! . .

ווייל, אַזוי ווי זיין אויסבליק איז געווען אַן איידעלערער, אַזוי איז ער באַזעסען אַ פיינערע נאַטור; ער האָט ערשטענס גערענקט זיין אָפּשטאַם: און ווידער, האָט ער כסדר געזעהן ווי די אַלע וואָס האָבען געטראָגען אָנגעהאָנגען די ציילימלאַך, האָבען זיך אויפגעפיהרט גראָב, אַזוי ווי חזרים . . זיי פלעגען האַנדלען געמיין, איינס אַנטקעגען דאָס אַנדערע, אַז ווי איינער האָט זיך ניט געפונען דערשלאָגען, ווי טיעף ער איז אַליין ניט געלעגען „ניין איילען אין דר׳ערד“, פונדעסטוועגען, ווען ער האָט נאָר דערשנאַפּט, אַז ער קען אונטערשטעלען אַ צווייטען אַ פיסעל, ער זאָל אַריינפאַלען אין אַ צרה, האָט ער עס געטאָן מיט הנאה. זיי האָבען ניט פאַרמאָגט אין זיך קיין רחמנות, ניט אַרויסגעוויזען קיין מיטגעפיהל צום אַנדערן פונ׳ם קלענסטען ביז׳ן עלטסטען האָבען זיי זיך באַנומען פאַלש און געמיין, אַזוי ווי די אמת׳דיגע „חת׳ן“, האָט עס איהם פון זיי אָפּגעשטויסען, אַז ניט איין מאָל, ניט קוקענדיג, וואָס ער איז זיך

אזוי פיעל אויסגעשטאנענ, האָט ער זיך געפיהלט געהויבען און באטראַכט זיך פאַר גליקליכער, וואָס ער'ז נישט באַגלייך מיט זיי, מיט די אַלע, וואָס האָבען געטראָגען אָנגעהאָנגען אויפ'ן האַלדז די ציילימלאַך . .

אַלס אַביישפּיל פון זיין פיינערן כאראקטער, וועט דינען די פאָלגענדע געשיכטע, וועלכע דער זינגער פון דער בענקשאַפט נאָך ציון האָט פאָרגעבראַכט, וואָס יענער האָט פון זיך דער־צעהלט:

ניט בלויז די סאָלדאַטען, די אָפיצירען, גענעראַלען און נאָך די עלטסטערע וואָס האָבען געטראָגען די ציילימלאַך, האָבען זיך אַזוי אויפגעפיהרט, נאָר דאַן, דער קייסער, זייערער, אַליין, איז געווען אַ „דבר אחר" . . נאָר אַ דבר אחר, ביד חזקה, הייסט עס . . אומעטום איז ער געקראָכען, עס האָט   יך איהם תמיד געגלוסט פאַרשפרייטען וואָס ווייטער און וואָס ברייטער זיין חזר'שע ממשלה. אַזוי, ביז ער האָט זיך מיישב געווען און געמאַכט אַ מלחמה מיט אַ צווייטען קייסער, אום אויב ניט אוועקצורייסען פון יענעם זיין גאַנצע מדינה, איז כאָטש אַ חלק!

זיין פאָלק האָט מען אויך געשיקט אויף דער מלחמה און איבער דער אָפּטיילונג, פון וועלכער ער האָט זיך געציילט, האָט דאַן געקאָמאַנדעוועט דער צום לעצטענס באַצייכענטער, חזי־שער אָפיציער.

איז עס נאָר געווען אָנצוקוקען:

אַזוי האָט ער זיך תמיד געצייגט פאַר אַ גאַנצען גיבור; ער פלעגט זידלען און פליאַסקען זיינע סאָלדאַטען און געבען זיי די באַפעהלען מיט אַזאַ מין געשטעל, אַזוי ווי ער זאָל האָבען געווען זיין דער שטאַרקסטער העלד אין דער וועלט. נאָר, ווען עס איז געקומען אויפ'ן מלחמה־פראָנט, וואו עס האָט טאַקע געשמעקט מיט פולווער, ניט אויף קאַטאָוועסען, וואָרום דער אנדערער קייסער האָט אַרויסגעשיקט זיינע סאָלדאַטען, אַנט־קעגען, האָבען זיי געשלאָגען און גע'הרג'עט אויף צוריק, האָט ער באַקומען „קאַלטע פיס" . . ער האָט געציטערט אַזוי ווי אַ פיש, אַז ווען מען האָט גערופט אַטאַקירען, איז ער ניט גע־לאָפען פאָראויס, נאָר, ער האָט זיך גערוקט אונטער אַ צוויי־

טענס פּלייצע . . וואו עס האָט איהם דערביי געוואָרפען ס'־קדחת, הענט און פיס! . .

ויהי היום, עס איז געווען אַ שיסעריי פון בײדע זייטען, אַז עס איז אַזש געגאַנגען אַ רויך איבער'ן גאַנצען מלחמה־פעלד; קוילען פון ביקסען זיינען געפלויגען און גראַנאַטען פון קאַנאָנען זיינען געפּאַלען און האָבען געפּלאַצט, געטויט און צו־מזיק'ט סאָלדאַטען און סאָלדאַטען.

זיין אָפּטיילונג האָט געקראָגען אַ באַפעהל זיך פאַרנעהמען צו אַ נעהענטען בערגעל. אַדורכ'ן גרויסען געפאַהר זיינען זיי אַלע געלאָפען צו דעם; אַז זיי געפינען זיך שוין דאָרטען אויס־געלייגט מיט די ביקסען און זיי קוקען זיך אַרום, איז דער אָפיציר נישטאָ! . . נאָר באַלד האָבען זיי איהם באַמערקט ניט ווייט ליגען און געהערט איהם קרעכצען און בעטען הילף . .

אַלע האָבען זיי זיך געמאַכט טאַמעוואַטע, ווי זיי וואָלטען קיין זאַך ניט געזעהן און גאָרניט געהערט . . ווייל קוילען און באָמבעס האָבען געזשומעט אין דער לופטען אַזוי ווי די בינען און קיינער האָט זיך ניט געוואָלט ריזיקירען פאַר איהם. דאַן האָט דער אברהם, אבראַשא האָט מען איהם גערופען אין די סאָלדאַטען, כאָטש וואָס יענער איז איהם אַזוי איהם דערגאַנגען די יאָהרען און זיך אַזוי פיעל נוקם געווען אין איהם, זיך איינ־געשטעלט און זיך גענומען רוקען צו איהם אויף אַלע פיער און זיך קאַטשען, ביז ער האָט איהם דערגרייכט.

דער אָפיציר איז געלעגען איינגעווייקט אין זיין אייגען בלוט, אַז ער האָט זיך שוין ניט געקענט אַ ריהר טאָן, האָט ער איהם אַרויפגעוויקעלט אויף זיך און געקראָכען מיט איהם אויף צוריק ביז ער'ט איהם פאַרשלעפּט צו די סאָלדאַטען, אונטער'ן בערגעל. אין דעם אויגענבליק האָט ער באַמערקט, ווי אַ גרויסע מחנה־סאָלדאַטען פונ'ם אַנדערן צד אויסגעשטרעקט מיט באַיאָ־נעטען יאָגען זיך אויף זיי! . .

אָהן'ם אָפיציר—קיין אַנדערער האָט זיך שוין צווישען זיי אויך ניט געפונען, האָבען זיי ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. זאָלען זיי זיך אונטערגעבען, צו זאָלען זיי זיך שטעלען אַנטקעגען? אָבער דאָ איז ער אויפגעשפּרונגען און זיך אַ ווענדע געטאָן צו

אלעמען: „ברידער, גיט זיך ניט אונטער, שיסט ווי ווייט איהר קענט!״ געכאפּט אליין דעם ביקס, ארויף ביז׳ן שפּיץ פונ׳ם בערגעל און האָט גענומען קנאלען און די איבעריגע האָבען איהם שוין נאָכגעפאָלגט . .

פון די אָנקומענדע אנטקעגען האָבען סאָלדאטען גענומען פאלען ווי שטרוי. די האָבען שוין פון זיי אזוי פיעל אויסגעלייגט, אז די פארבליבענע האָבען זיך אָנגעפאנגען ציהען אויף צוריק.

און דאָ ווייזט זיך ארויס זיין כאראקטער, ווי אזוי ער האָט איינגעשטעלט זיין לעבען צו ראטעווען דעם אָפיציער; ער האָט גאָרניט געטראכט, וואָס ער האָט זיך אין איהם אזוי נקום געווען, און דערביי האָט ער מיט זיין בראַווער האנדלונג געפיהרט צו א זיג פאר די פון זיין צד; זיי האָבען נאָכגעיאָגט די אָפּציהענדע, פון זיי אָהן א שיעור אומגעבראכט און הונדערטער געפאנגען מיט׳ן געווער מיט אלץ מיט אַן אַנדער.

דער זינגער פון דער בענקשאפט נאָך ציון האָט פאָרגעבראכט פון נאָך בראַוקייטען, וואָס דער האָט באוויזען אין מלחמות. ער האָט געדינט פינף און צוואנציג יאָהרען, און מען האָט איהם פאר דער צייט מעהר ווי אין איין מלחמה אריין געשיקט. לויט ווי דער האָט זיי איבערגעגעבען, פלעג ער אָפּשילדערען דאָס אָרט, דעם בארג, דעם טאָל, אפילו דעם וועטער, ביי וועלכע ער האָט זיי אדורכגעמאכט . . און אום צו באווייזען דעם אמת, פלעג ער אָפטער ארויסלייגען מעדאלען מיט וועלכע מען האָט איהם באעהרט פאר זיינע בראַווקייטען. און ער פלעג דערביי זאָגען, אז ווען ער זאָל געווען טראָגען א צייליגער, וואָלט מען איהם פאר זיינע איינשטעלענישען אפשר געווען געמאכט פאר א גענעראל, אָבער דאָ פלעג ער צוגעבען, דאָס קענענדיג געלערנט די אלע פון די ציילימלאך, ווי זיי באנעמען זיך, טוט איהם ניט באנק, וואָס ער איז ניט געוואָרען באגלייך מיט זיי! . .

---

און וואָס אין אנדער טוט אויף ס׳לערנען די לעגענדעס פון אברהם, אבינו׳ן, ווי אזוי ער האָט זיך צוליעב דער „אידישקייט״

געלאזט שניידען דעם האלז מיט אן אויסגעשארפטער שווערד..
זיך אריינגעווארפען אין דעם בראנדיג צוגליהטען קאלך־אויוועז און אויך די מעשיות פון די בראוקייטען וואס ער האט באוויזען, רופט ארויס אין זיי באוואונדערונג מיט א געפיהל איהם נאכצופאלגען, האט אין איהם, וועלכער וואקסענדיג אויפ'ן דארף, ווייניג וואס געוואוסט פון די געשיכטעס, אויפגעטאן די דערציילונגען פון זיין אמת'דיגען זיידען. מיט'ן אופן, ווי ער פלעג זיי ארויסלייגען, איז געווען צו זעהן, אז ער איז אדורכגעדרונגען צו איהם, וואס האט געקענט פאר דער אידישקייט אזוי פיל ביישטעהן און פאר די בראווקייטען, וועלכע ער האט באוויזען, מיט א געפיל פון רעספעקט און מיט א פארלאנג אויך צו זיין ניט אנדערש.

אום ער זאל נעהמען בענקען נאך ציון, האט שוין דא ווידער געווירקט אויף איהם דאס פאלגענדע:

## אוי, אבראם!..

מען האט זיין זיידען פאר זיין אויסצייכענען זיך אלס סאלדאט, ניט געמאכט פאר קיין גענעראל, אויך ניט פאר קיין שום אפיציר. צו דעם איינציגען ראנג, צו וועלכען ער'ז דערהויבען געווארען, איז געווען, ווען ער האט אפגעדינט 25 יאהר, ווען מען האט איהם שוין באפרייט, האט ער באקומען די ערלויבעניש צו באזעצען זיך מיט זיין ווייב און קינדער אויף מלוכה'שער ערד לעם א דארף, וואס אן אנדערן, אבי נאר א איד איז עס געווען פארבאטען.

פון וואנענד און ווי אזוי האט זיך גענומען צו איהם אין דער סאלדאטעריי א ווייב מיט קינדער? איז, לויט ווי דער זיינגער האט עס איבערגעגעבען, דא צוגעגאנגען פאר איהם אזוי די געשיכטע:

ווען ער האט שוין געהאט אפגעדינט עטליכע יאהר, האט זיך געמאכט אז זיין פאלק האט פארווײלט עטליכע חדשים אין א שטאדט מיט אידען, פלעג ער דארטען זיך אפבעטען צו געהען פאר א שבת און א יום־טוב אין א שוהל אריין, וואס ער האט

נאָך געדענקט פון זיינע קינדערשע יאָהרען; און אין שוהל נאָכ'ן דאַוונען פלעג אַלע מאָל אַן אַנדער איד איהם איינלאַדען צו זיך פאַר אַן אורח.

„ויהי היום", האָט איהם איין מאָל שוין מיטגענומען מיט זיך אַ איד, שוין ניט קיין אָרעמער. איז ווען ער איז שוין געזעסען באַר'ן טיש, גרייט צום עסען, דערזעהט ער ווי עס ברייננגט אריין די דינסט אַ פּאַלימעסאַק, אַ לאַנגליכע שיסעל, אָנגעלייגט מיט פיש! . . ער האָט איהר שוין פריהער ביים קידוש, באַר'ן נטילת־ידיים אויך באַמערקט, נאָר אַצינדערטאָ, האָט ער איהר טאַקע דערזעהן און דערביי איהר נאָך עפּעס ווי דערפיהלט אויכעט . .

געווען איז די דינסט אַ מויד, וועלכע איהר אייגענע טאַטע־מאַמע האָבען געמאַכט, ווען זי איז נאָך געווען גאָר אַ קליינע, פאַר אַ קיילעכדיגע יתומה, אַז זי האָט זיך נעבעך געמוזט לאָזען אַוועקגעבען פאַר אַ דינסט.

זי האָט שוין ביז דאַן אַפילו געוואוסט, אַז עס געפינען זיך אויף דער וועלט אַזוינע זאַכען ווי סאָלדאַטען . . אָבער אַליין, אַזא איינעם, האָט זי נאָך רעכט ניט אָנגעקוקט! . .

נאָר דאָ, פּלוצלונג, מיט אַמאָל, אומגעריכט, דערזעהט זי פאַר זיך פאַר'ן טיש זיצען אַ סאָלדאַט, וועלכער איז נאָך געווען מיט וואָנצען און אויך גראַדע דעמאָלט מיט אַ שטיקעל בערדעל! . . זי איז געבליבען נעפּלעפּט! . . און איהרע אויגען פרעגען איהר מעהר ניט קיין שום קשי'ס און שטעלען זיך אָן גלייך אויף איהם! . .

אין דער אייגענער רגע איז ער זיך מיישב און הויבט אויף זיינע אויגען צו כאַפּען אַ קוק אויף איהר; האָבען זיך זייערע בליקען פאַרפּלאָנטערט, זיך ניט פאַרנאַנדערצורייסען! . . אַז ביי איהר איז דאָס פּנים אַזש רויט געוואָרען פאַר בושה און ביי איהם האָבען די באַקען אויך גענומען פלאַמען . .

עטליכע מאָל האָט זיך מיט זיי דעם אויפדערנאַכט געטראָפען די געשיכטע. דער סוף איז געווען, אַז זי האָט גאָר אין גיכען

גענומען זינגען: „אוי, אברהם, איך קען אָהן דיר ניט זיין!" און ער, ווידער, אַפילו ווי אַ סאָלדאַט, מיט ניט קיין פרעהליך געמיט האָט שוין געמוזט צובאָמקען: „איך אָהן דיר, ווי די אָהן מיר, קענען מיר שוין ביידע ניט זיין" . .

בקיצור, הכלל, אין אַ קורצער צייט אַרום איז ביי זיי געשטעלט געוואָרען חופה. פון דענסטמאָל אָן, אין וואָס פאַר אַ שטאָדט מען האָט איהם געשיקט, איז זי איהם נאָכגעפאָהרען, דאָרטען גערינגט, געטאָן כל הבודת פרך און דערביי אַלעמאָל פאַרגאַנגען אין טראָגען, ביז זי האָט איהם שוין אַזוי געבוירען פיער זיהן און טעכטער, און ער, דער זינגער, ווי ער האָט דערצעהלט, איז געוועזן אַן איינציקעל פונ'ם צווייטען זוהן און אַז, ווען ער איז געקומען אויף דער וועלט, איז יענער שוין געזעסען מיט זיי אַלעמען אויף אַ גרונט, לעם אַ דאָרף.

## אביש

פערטע אויפפאַסונג

מיינט איהר, האָט ער עס אַזוי פאַרגעבענדיג געזאָגט אַז מיין זיידע, ווען ער איז אַראָפּגעקומען אהינצו אויף דער ערד, האָט אויפגעמאַכט אַ געוועלב, געעפענט אַ שיינק, אַוועקגעשטעלט אַ קלייט? — ניין!

מיין זיידע, האָט ער איהם געשילדערט, איז געוועזן העכער פון זעקס פיס, דוקא, אַ איד, אַ גוואַר און ער איז שוין געוועזן אַזוי פאַר־„רוסדישט" אַז די עטליכע אידישע ווערטער, וועלכע ער האָט נאָך ניט פאַרגעסען, האָט ער אַרויסגערערט, אַזוי ווי אַ „רוסדי", און אַז די פיער בנים, וואָס זיין באַבע האָט איהם געהאַט, האָט ער פאַרגעזעצט, זיינען אויכעט געוועזן גוגעלניקעס, האָבען זיי אַלע גערינגט, איז איינער דער'הרג'עט געוואָרען אין אַ מלחמה און אַ צווייטער, אַ קאַוואַליעריסט, האָט אַ פערד אומגעבראַכט. און מיט די איבעריגע צוויי, מיט זיין פעטער און זיין טאַטען האָבען זיי באַנאַנדער, יעדער יאָהר געאַקערט און געזייעט די פעלדער, וואָס די מלוכה האָט זיי צוגעטיילט.

## אין דער אסאכע

איז אָבער, האָט ער מיט טרויער ווייטער דערצעהלט, אויף צולהכעיס, ווי מען זינגט: „אין דער אסאכע אריין מזל און ברכה."

מען האָט אַלע געוואוינט אין איין גרויסער שטוב. אונטער איהר האָט זיך לאַנג און ברייט, אַ גאָרטען געשפּרייט. און מען האָט יעדען יאָהר פאַרזעצט: קאַרטאָפליעס, פּאַסאָליעס, ציבעלעס, קרויט, בוריקעס, מייערען, ארבוזעס, קאַטשענעס, איגערקעס, רעטעכער, שאַלאַטעס, אַלע אַנדערע גרינסען. ביי דער זייט, לעם דער שטוב, האָבען אויך געוואַקסען אַ פּאָר עפּעל און בארען־בוימער, אויך אַ פלוימען און אַ פּאָר ווינשעל־בוימער. דער זיידע האָט געהאַט אויפגעשטעלט צוויי גרויסע שטאַלען: איינעם—אַ שפּייכלער פאַר די תבואות, איינעם—פאַר די בהמות, פאַר די פערד און אויך פאַר דעם געפליגעל; האָבען זיך די בהמות געקעלבט, די פערד האָבען געבוירען לאָשיקלאַך, דער געפליגעל האָט געלייגט און געבריהט אייער און שוין: אַ גאַנצע סטאַדע־געגנז זיינען געגאַנגען אין אַ שייע־קאַטשקעס זיינען גע־לאָפען איטליכען טאָג צום וואַסער; העהנער איז שוין געווען אַ גאַנצער פּליד! זיינען זיי אַרומגעגאַנגען, געפּיקט אַרום און אַרום. אויך דער הונט האָט זיך געצייגעלט און די קאַץ האָט זיך געקעצעלט . . אַלע, דער זיידע און די זיהן מיט די ווייבער האָבען געאַרבייט, פלייסיג, אַפילו, האָט מען געטאָן פון פינסטער ביז פינסטער. אָבער: מילך, פּוטער, סמעטענע, קעז, אייער, מעהל און אַזוי ווייטער, איז געווען בזיל הזול! . .

טאָמער פלעג אַמאָל פאַרבלאָנדזען אַ דורכגעהענדער איד, האָט מען גאָרניט געוואוסט, וואָס צו טאָן מיט איהם; צוליעב'ן שוחט'ען, אויב ער איז ניט געווען קיין פליישיגס, האָט מען איהם דערלאַנגט: אַ שיסעל מיט וואַרעניקעס, אין סמעטינע, קרעפּלאַך, ממש, שווימענדיג אין פּוטער, אַ באָרשט—אַן אמת־דיגער! אַ בערגעל מיט רעטשענע לאַטקעס! . .

מיט די פּויערים פונ'ם דאָרף, האָבען ניט דער זיידע, ניט די זיהן, פּעטער מיט מיין טאַטען געזוכט צו זיין איבעריגע

שמעלקעס. אָבער פילע פון זיי פלעגען אַליין קומען געוואויר ווערען, האָבען זיך אַריינגעשטעלט אומגעבעטענערהייט.. אויף זייערע פּנים׳ער האָט זיך דוקא קיינמאָל ניט באַמערקט עפּעס אַ מינע פון ניט פאַרגינען, צו אַן אויסדרוק פון פיינטשאַפט; מען פלעגט זיי כסדר אויפנעהמען מיט כבוד און זיי פלעגען פאַרברייגנען פאַר׳ן זיידען—אַלע זייערע זאָרגען און זיך עצה׳ן מיט איהם, מיט אבוש׳ען, ווי זיי האָבען איהם גערופען, ווענען אַלע זייערע נויטען. און ער פלעג זיי אַלעמען טאָן טובות. פון באָרגען איינעם אַ וואָגען, אַ פּאָר פערד, אַן אַנדער זאַך, איז אָפּגערעדט, ער פלעג זיי אויך לייען געלט און אויך קיינמאָל, קיינעם ניט גערעכענט עפּעס דערפאַר. ווייזט אויס, האָט ער דאָ אַזוי באַמערקט, זיך געוואָלט מאַכען ביי זיי אַ גוטען אָנזעהן! און ער האָט ווייטער פאָרגעזעצט:

אויפ׳ן דאָרף האָט זיך געפונען אַ פּויערטע אַן אלמנה מיט קינדער, פלעגט מען פון דער שטוב איהר אַריינשיקען מתנות פון עסענוואַרג; איין מאָל אַפילו, איהר געבראַכט פון שטאָדט ציץ פאַר אַ קליידעל פאַר איהר מיט איהרע צוויי מיידלאַך! און אַלע פונ׳ם דאָרף, ווען זיי האָבען באַגעגענט מיין זיידען, מיין פעטער, מיין טאַטען, פלעגען זיי אַראָפּנעהמען ס׳היטעל . .

## שיעור ניט פאַרברענט און שיעור ניט דערטרונקען

איך אַליין, האָט ער ווייטער דערצעהלט, האָב זיך ביז אַ יאָהר ניין געבאַוועדט מיט אַ וואַנקען פון דער נאָהענטער שטוב. קיין אידישע אינגלאַך מיט ווענען זיך צו שפּילען איז דאָך דאָרט ניט געווען. מיר האָבען זיך איינס דאָס אַנדערע שטאַרק ליעב געהאַט, בעסער ווי ברידער. מיר זיינען ביידע אַרומגע־לאָפען איבער די פעלדער, אויף די בערגלאַך, אין די טאָלען גע־קלעטערט אויף בוימער, און געשווימען צוזאַמען. איך פלעג זיך מיט איהם טיילען מיט׳ן ביסען! און דערביי האָט ער מיר קיין מאָל ניט פאָרגעוואָרפען מיין אידישקייט און איך איהם ניט זיין גוייאישקייט. ביז איין מאָל, מיר זיינען שוין אַלט געווען אַ יאָהר ניין, ווען מיר האָבען נאָך ביידע פאַרבראַכט,

האָב איך באַמערקט, ווי ער קוקט אויס עפּעס פאַרזאָרגט און גיט אויף מיר פרעגענדע בליקען.

האָט עס זיך געמאַכט אין אַ לויטערן, שעהנעם, זומער־טאָג; מיר זיינען ביידע געלעגען נאַסענדיג אויף אַ פעלד און איך האָב נאָר געוואָלט אַריינקוקען אין דעם „גאָלדענעם טעלער“ פון דעם הימעל, און דערביי, וואָס איך האָב גערעדט צו איהם האָט ער מיר ניט געענטפערט; האָב איך זיך אויפגעזעצט, איך זעה, ער ליגט שטיל און טרויעריג.

שא, טאַקע, וואַנקא, וואָס קלערסטו אַזוי? — ווענדע איך זיך דאָ אַזוי צו איהם.

גיט ער זיך אַ הויב אויף און זאָגט צו מיר:

מען געהט אייך היינטיגע נאַכט אַלע פאַרברענען!

זיינע רייד זיינען מיר פאָרגעקומען אַזוי פרעמד, ווי עפּעס אַ ווידער־קול, וואָס זאָל מיט מיר גאָרניט האָבען צו טאָן, און איך האָב איהם אַפילו ניט געפרעגט: ווער און פאַרוואָס? אָבער ער, אַליין, האָט עס מיר ווייטער געזאָגט, אַז דאָס גאַנצע דאָרף געהט די נאַכט אונטערצינדען אונזער שטוב, ווייל מיר זיינען זשידעס, און די זשידעס האָבען דער׳הרג׳עט זייער גאָט!

אין דעם אויגענבליק האָט זיך מיר אויפגעשפּילט מיין זיידע, מיין פעטער און מיין טאַטע, וועלכע איך האָב קיינמאָל ניט באַמערקט צו דערלאַנגען אַפילו אַ הונט, אָדער אַ קאַץ, היינט איז ביי מיר געוואָרען קשה׳דיג, ווי אַזוי האָבען זיי שוין גע־קאָנט דער׳הרג׳ענען עמיצען? איך האָב יאָ געזעהן אַ פּאָר מאָל אַ פויער קוילענען אַ חזיר, ווי אַזוי נאָכ׳ן ראַנגלען, האָט ער איהם איבערגעקעהרט נאַסענדיג, זיך אַרויפגעלייגט אויף איהם און איהם אַריינגעשטאָכען אַ דול גלייך אין האַרצען אַריין, ער זאָל ניט פאַרלירען דאָס בלוט, ווייל זיי, די גוים עסען אויך דאָס בלוט פונ׳ם חזיר . .

די חזר׳שע געשרייען, אָדער די געשרייען פונ׳ם חזר, פלעגען זיך הערען אַ לאַנגע צייט און איך פלעג ווערען זעהר אומעטיג . . אָבער, מיין זיידען און פעטער, מיין טאַטען האָב איך קיין מאָל ניט געזעהן טאָן אַזאַ מיאוס׳קייט. פאַרקערט, מיר פלעג זיך אָפטער וואונדערן, ווי אַזוי זיי פלעגען אַרויסווייזען רחמנות

אפילו צו שטומע חיות, איינגעדעקט א בהימה, א פערד, ווען עס איז געווען צו־קאַלט! איך בין זיכער, האָט ער אזוי געזאָגט, אז ווען ניט קיין שוחטים, וואָלט מען ביי אונז, דאַרט קיין פליישׁ ניט געגעסען . . ניט מיין באבע, ניט מיין מאמע וואָלטען געקענט זיין פעהיג אָפצודרייען א הוהן ס׳קעפּעל, ווי די גויעס פונ׳ם דאָרף האָבען עס געטאָן! . .

איך האָב זעהר געגליכען מיין זיידען, מיין טאטען, מיין פעטער פון זינט איך האָב זיי געדענקט, האָב איך זיי כסדר געזעהן פליסיג ארבייטען און האָבען דערביי ארויסגעצייגט פיעל גוטסקייט . .

ער האָט זיך פאר מיר פיעל מאָל געשוואָרען, אז ער האָט עס אליין געהערט ביי איהם אין שטוב זיין „באטקען" אראָפּ־רעדען זיך עם עטליכע מאָל, אז מען וועט נאָך טאקע די נאכט אונז געהן אונטערצונדען. און מיר האָט ער, גראדע, געבעטען איך זאָל איהם נאָכקומען, וועט ער מיר באהאַלטען אין א שייער. אָבער עס האָט זיך מיר דעמאָלט גאָרניט געוואָלט לייגען אויף מיין אינגעלשען שכל, ניט איך האָב געוואָלט געהן מיט איהם, ער זאָל מיר באהאַלטען און שוין זייענדיג אין שטוב, האָב איך עס אפילו פאר קיינעם ניט דערמאנט.

און וואָס מיינט איהר, איז טאקע געוואָרען? האָט ער זיך דאָ אזוי א ווענדע געטאָן—פונ׳ם גאנצען האָב און גוטס, וואָס דער זיידע, מיט די זיהן, מיט׳ן גאנצען הויז־געזונד האָבען דאָרטען פארפראצעוועט, איז די נאכט אויפגעגאנגען א פייער ביז אונטער׳ן הימעל! . .

שפעטער האָב איך זיך דערקונדיגט, אז מען האָט שוין אלע אין שטוב פון א צייט געוואוסט אז דאָס דאָרף נעמט זיך צו־נויף אָפּטער אונטער דעם העצען פונ׳ם חזר׳שען גלח און בארעדען וועגען פארטרייבען אונזער הויז־געזונד און אז די פויערים האָבען שוין אפילו געשיקט א ביטע וועגען דעם צום גובערנאטאָר.

ווען א פויער האָט געוואָרענט מען זאָל בעסער אלץ פאר־קויפען און זיך אָפּטראָגען און די פויערטע, די אלמנה, האָט

ציילעמדיג זיך איבערגעגעבען וואָס די פויערים פּלאַנעווען צו טאָן, האָט זיך עס פונדעסטוועגען נאָך קיינעם ניט געגלויבט.

איינינע, וועלכע זיינען פריהער געווען גאַנצע בן־בית׳ען, זיינען געקומען צולויפען מיט דרענגלאַך מיט פּנים׳ער, רויטער פון די פייערען און האָבען געשריען, אז מיר האָבען געמאַכט די שרפה, אז מיר האָבען גע׳הרג׳עט זייער „גמל“, מיר ווילען פאַר־ברענען זייער דאָרף . . מיין זיידען האָט מען דערלאַנגט מיט א דרענגעל, מיין פעטער מיט מיין טאַטען האָבען זיך אַרויס־געריסען און זיינען אַנטלאָפען, די פרויען מיט די קינדער, מיר אויך בניהם, וואָס די מאַמע האָט מיר אַרויסגעטראָגען פון דער ברענענדיגער שטוב, פון דער קוך שוין מיט אָפּגעסמאַלעטע האָר, האָבען זיי אַרויפגעזעצט אויף א וואָגען, אַרויפגעיאָגט אויפ׳ן פּאַרום מיט וועלכען מען פלעג אַריבערשווימען דעם טייך פאַר׳ן דאָרף.

אין מיטען בין איך אַראָפּגעפאַלען פון׳ם וואָגען, האָט מיר א פויער אָנגעכאַפּט—איך געדענק איהם נאָך אַקוראַט ווי ער האָט אויסגעזעהן: א הויכער, א בלאָנדער, און האָט מיר אַריינ־געוואָרפען אין טייך אַריין!

דאָס וואַסער האָט מיר דערלאַנגט א פּליאַסק. איך בין אַראָפּ־געזונקען צום גרונט. איך האָב זיך אָבער אַרויסגעהויבען. די נאַכט איז געווען א פינסטערע, נאָר די פייערען האָבען רויט באַלויכטען דעם טייך און האָבען זיך אָפּגעשפּיגעלט אינ׳ם וואַסער. איך האָב מיט אַלע כחות גענומען שווימען צום ברעג פון יענער זייט. איך בין מיד געוואָרען. איך האָב זיך אוועק־געלייגט נאַסענדיג, איך האָב ניט באַמערקט—האָב זיך אַריינ־געשטיפּט און טשורעט! . . איך האָב זיך אָנגעפאַנגען פּלאָנ־טערען. איך בין שוין אינגאַנצען געווען אַרויס פון די כוחות, דאָס מויל, די אויגען, די אויערן זיינען מיר שוין געוואָרען אָנ־געפילט מיט וואַסער; איך האָב זיך שוין געטרונקען . .

איך האָב זיך צום לעצטען מאָל אַרויסגעהויבען, זיך גע־געבען א שטופּ ווייטער; איך האָב זיך אָנגעשלאָגען אויף א האַרטער זאַך! עס איז געווען אַן אָפּגעבראָכענע בוים און איך האָב זיך אָנגעהאָנגען אין דעם. דערביי האָט שוין געטאָגט.

דאָ האָב איך דערהערט פון אַרום דעם ברעג פונ'ם טייך שרייען און רופען: שלום, שלום!

—טאַטע, ראַטעווע! . .

ער האָט פאַרגעבראַכט פון פּאָגראָמען, וואָס ער האָט איבער־געלעבט, ווען וואוינענדיג שוין מיט זיין הויז־געזינד אין שטאָדט. ער האָט דערציילט, ווי אַזוי גויאים האָבען געטויט אידען, וואָס פאַר אַ רציחה זיי האָבען אַרויסגעוויזען, מיט וואָס פאַר אַ שרעקליכען אופן זיי האָבען געמאָרדעט אידישע קינדער און ביי די, וועלכע זיינען איהם געשטאַנען אַנטקעגען איז שוין ווי אָפּגענומען געוואָרען דאָס לשון . . און צום לעצטען פלעג ער זאָגען: איהר זעהט, אַזוי קענען מיר אידען לעבען מיט די גויאים! . .

כאָטש ער האָט געמאַכט דאָס גלאַטסטע שטיקעל־אַרבייט, האָט ער אין די געשפּרעכען, וואָס ער האָט אַזוי זיך געפיהרט מיט די אַנדערע, קיין מאָל ניט דערמאַנט דערפון. בעל מלאכות, שמועסענדיג אַזוי זיך, רעדען אַ סך פון זייער אַרבייט. איינער ברייננגט פאָר פאַר'ן צווייטען, ווי עס איז איהם געגאַנגען די און די אַרבייט — פון די מאַטעריאַלען, איבער די אומשטענדען. אָבער ער פלעג אויף דעם אָרט פאַרגעבען פון זאַכען פונ'ם דאָרף, וואו ער'ט געלעבט זיינע קינדערשע יאָהרען. ער פלעג פאַרבריינגען פונ'ם באַנעמען זיך פון די היימישע חיות און עופות, פון די ציקאַוועסען, פונ'ם אויפפיהרען זיך פון די פויערים ביי דער אַרבייט, אויף די פעלדער און אַרום זייערע היימען, ווי דערביי פאַרשטעלענדיג דעם אויסבליק פונ'ם געגענט; ווי עס ציהט דער שליאַך, ווי אַזוי עס שלייגעלט זיך דער טייך, דאָרטען מיט'ן באַרג און טאָל מיט'ן וואַלד דערנעבען. און עס איז געווען צו זעהן אַזוי אַרומער, אַז די מלאכה איז איהם ניט געלעגען אין זינען.

זיין קאָפּ און געפיהל האָט זיך ביי איהם געפונען ביים דאָרפישען לעבען, וואו מען אַרבייט אויף די פעלדער און מען פאַרנעמט זיך מיט די היימישע חיות און עופות, ווי עס געהט דאָרט דער וועג, פליסט דער טייך און ווי עס וואַקסט דער וואַלד, פון וואַנענד מ'האָט איהם אַלס אינגעל אויף אַ מערדערליכען

אופן פאַריאָגט. און פאַריאָגט און פאַרטריבען האָט מען איהם פון דאָרט דערפאַר, וואָס זיין זיידע, אברהם, חיים־שמואל, דעם צופליקטענס . . ווענמען מען האָט אַוועקגעכאַפּט אַלס קינד פאַר אַ סאַלדאַט, וואָס ער האָט געדינט פינף און צוואַנציג יאָהר, מיט זיין פעטער, מיט זיין טאַטען, מיט איהם אויך בניהם האָבען הייסט עס גע׳הרג׳עט זייער.

געפינענדיג זיך שוין אין שטאָדט, וואו ער האָט געלעבט מיט זיין גאַנצער פאַמיליע אין גרויס אָרעמקייט און ענג־שאַפט, אין אַ פאַרדומפּענעם צימער פון די הייזער, איינס לעם דאָס אַנדערע, וואו חוץ פאַגראָמען, איז איהם אויך, ווי אַ אידען פאַר דער צייט פאָרגעקומען: דאָס ניט טו, דאָרט ניט זיי, און דערביי נאָך אָפטער האָט ער פונ׳ם ערגסטען און געמיינסטען ניט־איד, געקראָגען באַליידיגט און געזידעלט און זיין געמיט איז שוין געווען דערשלאָגען.

ער האָט געהערט רעדען „ציוניסטען״, פון אַן אייגען לאַנד פאַר אידען, פון אַן ארץ־ישראל, וואו מען זאָל קענען געהן אויף פעלדער און אומעטום נישט מורא האָבענדיג פאַר קיין גויאים, האָט ער זיך אָנגעהאָנגען אין דעם פּלאַן מיט לייב און מיט לעבען, אַז אַמאָל די „אידישע״ קנעכט אין מצרים האָבען זיך ניט אָנגעכאַפּט מיט אַזאַ חשק, אַזוי ווי ער פאַר דער אידייע. . ער האָט זיך איינגעכאַזערט אַ פּאָר לידער פון דעם געדאַנק, נאָך ציון און ער האָט זיי, טאָג איין און טאָג אויס, מיט אַ האַרציגען טאָן, מיט אַן איבערגעגעבענדיגען געפיל זיך אַזוי געזונגען: „קום, קום, ישראל׳עקיל אהיים, אין דיין שעהנעם לאַנד, אין דיים״. און אויך אָפטער:

„ציון, ציון, דאָס היילינע לאַנד״ . .

## „שטעהט אויף, איהר אונטערגעדריקטע מאסען"

אויס'ן אינהאַלט:

1 — ווען א „פינפטעלע" איז געווען א „זיבעלע"

2 — ארבייטען איז הייליג!

# „שטעהט אויף, איהר אונטערגעדריקטע מאַסען"

פערטע דערצעהלונג

אצינד, צום זינגער פון די פרייהייטס לידער:

## ווען א „פינפטעלע" איז געווען א „זיבעלע"

ווי דערמאנט פאַראויס, פלעגט ער אויפהויבען זיין ליד מיט אזא מין באַסאָווען קול, וואָס האָט אַלעמען דאָרטען ווי אויפגעוועקט. אָבער ווען ער האָט נאָך אויפגעעפענט זיין מויל צום רעדען, האָט ער דערמיט איטליכען געפלעפט, אזוי, אַז מ'האָט זיך איעדערער גענומען צו איהם איינהערען מיט געשפאַנטען אינטערעס און דערנאָך, ווידער, האָט מען איבער דעם געגאפט און גערענקט.

וואונדערליך־שעהן־קלינגענדיגע ווערטער, הויכע און טיעף־געלערנטע אויסדרוקען האָט ער ארויסגעבראַכט! אַזוינע, וואָס די מעהרסטע דאָרטען האָבען זיי איהם אפילו ניט געקענט נאָכ־ריידען. ווי, למשל, האָט איינער איהם געפרואווט נאָכזאָגען: סאָציאַליזם, האָט ער ארויסגעבאקומען: ציצעליזים ... רעלי־גיאָן—רעגיליאָן . . . זיינע רייד האָבען געבליצט מיט היס־טאָריע, מיט קולטור־געשיכטע . . . אפילו, מיט אסטראָנאָמיע. און דאָס אויף אַזאַ דערהויבענעם, באַלעהרענדען פאַרנעם, פון וואָס קיינער האָט דאָרט אַפילו קיין אַהנונג ניט געהאַט. ער'ט זיך ארויסגעוויזען פאר א געלערנטען, פאַר אזא באהאַ־ווענטען אין די „קליינע אותי'אלאך", ווי מען זאָגט, אַז ביי כמעט אַלע האָט זיך געשטעלט די פראַגע: ווי קומט עס, וואָס ער איז גאָר א בעל מלאכה?

אָבער דאָס וועט מען אביסעל פאַרשטיין פון דאָס ווייטערדיגע:

ארויסשטעלען זיך ריידען, פלעגט ער זיך כסדר פון די איי־גענע ווערטען, פאַר די זעלביגע שטרעבונגען, פאַר וועלכע ער האָט געזונגען; פאַר די ווערטען און שטרעבונגען צו א וועלט, וואו אַלע מענשען זאָלען זיין פריי, זאָלען זיין גלייך און ברו־דערליך. און דערביי האָט זיין נאַאיוו פנים'על אויסגעזעהען ווי פאַר'חלום'ט, פאַרזונקען. און ווייטער, צו באַלייכטען מ'־גערעדנק, פלעגט ער תמיד נאָר פאַרברייננגען געגענשטאַנדען פון

אַן אַלגעמיינעם און ברייטען באַדייט. ווי למשל, האָט מען געהערט פון איהם: די באַביליאָנער, די עגיפּטער, גריכען, די רוימער. ער האָט פאָרגעטראַגען מיט נאַציאָנען, מיט ראַסען, מיט פעלקער און קלאַסען. אום צו דערקלערען אַ מיינונג מיט אַ טערמין פון אַן אַליינינען באַטרעף, האָט ער זיך גאָר קיינמאָל ניט באַנוצט. עפּעס, ווי זיין פאַנטאַזיע זאָל נאָר געוועזן האָבען געשוועבט אין באַגריפען פון גיגאַנטישע פאָרמען, אין וועלטען פון מאַסגעבענדע קרייזען, וואו אַ קליינינקייט, אַן אַנטוויקלונג פון אַן איינצעלנעם פאַרגאַנג זאָל זיך אין איהר גאָרניט האָבען אַנגעבונדען.

אין מאָמענטען, אין וועלכע, ווי אַזוי די אַנדערע פלעגען זיך דערצעהלען פונ׳ם אייגענעם לעבען, האָט ער געשוויגען.

האָט זיך, אָבער דאָרט געפונען איינער, וועלכער איז געוועזן מיט איהם פון איין שטאָדט, פון איין גאַס, אפילו געגאַנגען מיט איהם אין איין חדר, האָט ער פון איהם אויסגעגעבען . . . און דאָס וואָס ער האָט דערקלערט וועגען איהם, איז שוין געוועזן צו נעהמען אין אַכט און צו האָבען דערפון ניט איינמאָל גע־טראַכט . . .

ער האָט נעמליך געלאָזט וויסען איבער איהם, אַז ער איז אַ זוהן פון אַ טאָכטער פון אַ רב, בן הרב! נאָר, אַז זיין פאָטער איז כל ימיו געזעסען אויף דער קעלניע פון אַ פויטאַן און גע־סמאַסשקעט מיט די ליפּען, געצויגען מיט די לייצעס, געקניאַקט מיט דער בייטש איבער אַ פּאָר פערד. דערביי צו זיי אַלעמאָל אויסשרייענדיג: וויאָ, וויאָ! און אַז געפיהרט דערצו, וואָס זיין מאַמע, אַ רב׳ס אַ טאָכטער, זאָל חתונה האָבען מיט אַ פייטאָן־אָנטרייבער, האָט דער אומשטאַנד, וואָס ער, סאָלאָמאָן, ווי ער האָט זיך גערופען, אָדער שלמה, ווי ווען האָט איהם אין אמת׳ן אַ נאָמען געגעבען, איז געקומען אויף דער וועלט, האָט עס גע־הייסען: „אַ זיבעטעל“, מיט וועלכען זיין מאַמע איז ענטבונדען געוואָרען ניט שפּעטער ווי אין פינפטען מאָנאַט נאָכ׳ן חתונה האָבען.

און ווי אַזוי דער טאַטע איהרער, דער רב, האָט דער זעל־ביגער דערצעהלט, וועלכער איז געוועזן אַ איד מיט אַ ברייטער

באַרד, וואָס פלעגט, ווי געוועהנליך, אַ רב אין שוהל, ביים דאַוו־
נען זיצען אויף אַ שטאָט אין „מזרח" לעבען ארון־קדוש, איז
ער, דערפאַר אַליין אַראָפּ און זיך געשטעלט דאַווענען אין דער
מעריב זייט ביי דער טיהר לעבען פאַליש, און איבערגעדעקט
מיט אַן אַלטען, געלען, אָפּגעריבענעם טלית . . און אַז ווידער
זיין מאַמע, מארים־ביילע, האָט מען זי געררופען, איז פון נאָך
דער חתונה אָן, כסדר געגאַנגען איינגעוויקעלט אין אַ שאַל
אַריבער איהר אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ, געשליאַפּעט דעם מאַנ'ס
אַ פּאָר אַלטע שיך און מען האָט פון איהר קיינמאָל קיין הויך
וואָרט ניט געהערט . . .

און אַז, אָבער דער שלמה, לויט ווי יענער האָט עס ווייטער
פאָרגעבראַכט, נאָך דעם, ווי ער איז געבוירען געוואָרען, איז
ער, פאַרשטעהט זיך, געוואַקסען. ווען ער איז אַלט געוואָרען
פיער יאָהר האָט איהם די מאַמע געשיקט אין חדר; האָט ער זיך
אַרויסגעוויזען, אַז ער פאַרמאָגט אַ גוואַלדיגען אָפּענעם קאָפּ,
אַז דער מלמד האָט זיך אַזש דערשראָקען דערפאַר . . . און צו־
ליעב'ן גלויבען, וואָס אַזוינע קינדער, וואָס באַזיצען צומעהנס־
טען, וואונדערליכע קעפּ, איז, אַז זיי וואַקסען אויס, קעהרען זיי
זיך איבער: זיי שמד'ען זיך . . . טוען אָפּ אַן אַנדער שלעכטע
זאַך. האָט ער אויף איהם גענומען קוקען מיט חשד . . .

ניט בלויז דער מלמד, די קינדער, וועלכע זיינען געגאַנגען
מיט איהם, האָבען זיך פון איהם אָפּגערוקט. אָבער ער האָט
ממש געשלונגען דאָס לערנען. וואָס דער רבי האָט איהם ניט
געזעצט פון הינטען, וואָס וויינינגער ער האָט זיך מיט איהם
אָפּגעגעבען, אַז עס איז געקומען דאָנערשטאַג, באַר'ן פאַרהערען,
פלעגט זיין קינדערש קול קלונגען איבער'ן חדר דעם חומש,
דעם „פסוק", די גמרא. ער האָט זיי פאָרגעזאָגט, ווי אויף
אויסענווייניג! . . . אַן אַנדערען וואָלטען די איבעריגע קינדער
מקנא געווען און איהם אַזוי אַרומער געמאַכט זיך פיהלען גרול־
דיג. צו איהם אָבער האָבען זיי זיך באַצויגען מיט ביטול און
האָבען איהם אויסגעמיטען. ווען ער האָט זיך געוואָלט חבר'ן מיט
זיי, האָבען איהם שקאָצישע אינגלאַך אָנגערופען: „פונפּטעלע"!

צום ערשטען, דאָס הערענדיג, האָט ער אַפילו ניט פאַר־

שטאַנען וואָס דאָס באַטייט. ער האָט זיך אָבער גענומען האַל־טען, אַליין פון די אינגלאך, פון די אַלע ארומיגע, אזוי ווי ער וואָלט מורא געהאט מיט עמיצען מיט עפעס פון זיי, זיך פאַר־אינטערעסירען . . . אריינגעגעבען איז ער בלויז געווען אינ'ם לערנען, אין ענינים, העכערע, טיפערע, ברייטערע . . .

ווען ער'ז אַלט געווען ניט מעהר ווי 9 יאָהר, האָט עס יענער דערנאָך דערציעהלט איבער איהם, האָט דער מלמד געשיקט רופען זיין מאַמען און נישט קוקענדיג אויף איהר, מיט א שטילען טאָן איהר געלאָזט וויסען, אַז ער האָט פאַר איהם מעהר קיין תורה ניט, אַז דער קאָפּ איז ביי איהם געווען אזוי גוט, אַז פון זיך אַליין, פון א בריוועןשטעלער האָט ער זיך אויסגעלערנט דעם רוסישען אזבאק, אלף־בית, און גענומען אריינקוקען אין א רוסיש ביכעל! . . . אפילו, דייטש, האָט ער זיך אַליין פונ'ם בריוועןשטעלער אביסעל דערוואוסט . . .

אין קיין ישיבה לערנען ווייטער, אַזעלכע איז אפילו געווען אין דער צווייטער שטאָט, האָט מען איהם ניש געשיקט; פלעגט ער דערנאָך אַליין געהען צום זיידען, דעם רב, ער זאָל לערנען מיט איהם. אַז ער איז געקומען פלעגט ער שטעהען א ווײַלע ביי דער טיהר ביז יענער האָט איהם מיט גאָרניט קיין פלעהליך פּנים צוגערופען צום טיש . . . פון זיין חריפות האָט אויך זיין זיידען ניט הנאה געטאָהן; ער האָט אפילו א פּאָר מאָל פאַר איהם פאַרמאַכט די גמרא און א פאַרזאָרגטער, שוין מיט ווייסע האָר אוועקגעשליאפּעט און זיך צוגעשפּארט אויף דער קנאַפּע . .

אָבער לאַנג איז ער ניט געגאַנגען צום זיידען. אין איין שעהנעם, אָדער אין ניט קיין שעהנעם טאָג, איז ער פאַרשוואונ־דען געוואָרען; אַזוי, אַז אַפילו זיין מאַמע האָט ניט געוואוסט, וואו ער איז אַהינגעקומען . . .

פון דעם, וואָס ער אַליין האָט דאָך איבערגעגעבען, איז געווען צו זעהען, אַז ער האָט זיך אויסגעוואַלגערט אין א סך שטעדט. און וואו ער האָט זיך פאַרוואגעלט, האָט ער דערוויייל געטאָהן, וואָס נאָר ער האָט געקרוגען פאַר'ן עפּעס אָפּצועסען. און ער האָט דאָן אויף יעדען אָרט וואו ער האָט דערבליקט א בוך, האָט ער איהם געלייענט.

## אַרבייטען איז הייליג

עס איז ניט צו באַשטימען, ווי ווייט ער וואָלט געווען דער־גרייכט מיט זיין וואַגלעניש. מעגליך, אין אַן אוניווערסיטעט? פיליכט, טאַקע אין אַ קלויסטער, אָדער גאָר אין אַ טורמע אַריין? וואָס מיט אַזאַ בלאָנדזשענדען נפש האָט געקענט פּאַסירען? האָט אָבער אויף זיינע וואונדערנישען זיך ענטפּלעקט פאַר איהם אַ ליכטיגקייט, וואָס האָט פאַרגלאַנצט פאַר איהם מ׳ וועג. דעם וועג, וועלכען די אייגענע ליכטינגקייט האָט דאַן פאַרגעשיינט פאַר אַלע פאַרשטויסענע און דערנידעריקטע! נעמ־ליך, ער האָט זיך באַגעגענט ניט מיט עפּעס מיסיאָנערען, ניט מיט קיין גנבים, נאָר מיט אָנהענגער פון אַן אָרגאַניזאַציע, וועמענס אויפגאַבען זיינען געווען: ברייננגען צווישען מענשען אַ שעהנערע און גערעכטערע פיהרונג! איז ער געוואָרען זיי אַן איבערגעגעבענער, אַ געטרייער נאָכפאָלגער! . . .

ער פלעג מיט זיין באַסאָווער שטימע כסדר ביי דער אַרבייט, אויף זייערע מיטינגען, וועלכע זיי האָבען פאַראַנשטאַלטעט, אויפזינגען זייערע לידער. מיט זיין קול וואָלט ער דאָך געקענט ווערען אַ חזן.

איינגעלוויים האָט ער עס אַליין געזאָגט, האָט ער פאַרמאָגט אַ סאָפּראַנאָ. אז אַ חזן האָט איהם אפילו איין מאָל אויסגע־הערט; ער האָט זיך אָבער אויך עפּעס פון איהם ניט געמאַכט קיין צימעס . . . אָבער אַצינדערטאָ, פלעגט ער מיט די לידער, מיט זיין קול באַגייסטערען מאַסען צו קומען און שטעלען זיך אין זייערע רייהען.

ער האָט זיך געהאַלטען אין איין גרונטעווען אין ביכער און ער פלעגט אויף אַזאַ הויכבאַלעהרענדען אופן אומעטום פאַר יעדען באַשיידען און דערקלערען זייערע פּרינציפּען און צילען. אַרבייטען, האָט ער זיך אויסגעדריקט, איז הייליג! אַז, יעדער איינער דאַרף אַרבייטען און באַשאַפען! און דערפאַר טאַקע, ווייזט אויס, ווי אַזוי ער׳ט זיך ניט געפּאַסט צו דער מלאכה, האָט ער זיך דאָך אָפּגעגעבען צו איהר און זיך געפּלייסט אַר־בייטען . . .

## א וואָגען זאַמד פאַר „ווייבערשע יאָהרען.

אויס'ן אינהאַלט

# אַ וואָגען זאַמד פאַר „ווייבערשע יאָהרען"! . .

די ערשטע דערצעהלונג

אַצינד, ווידער, צום ערשטען, צו דעם שמחה'ן, מיט די געלע אויגען און געלע וואָנצען, וועלכער אויסזיינגען עפּעס, האָט ער ניט אַרויסגעזינגען, נאָר ער פּלעג זיך אַלעמאָל אַוועקשטעלען: מעשה־האָהן און אויסשרייען: „אַ וואָגען־זאַמד פאַר ווייבערשע יאָהרען!" און גלייך נאָך דעם אַזוי פאָרזעצען: „ויאמר משה: אצא, קאצא, מיפּאָנעקאָ, אומיפּאָדרעקאָ"! . .

לויט אַלץ, וואָס ער'ט אויך פאָרגעבראַכט, וואָס ער האָט אַדורכגעמאַכט, האָבען די מאָטיוועז, פון וועלכע ער איז באַוואויגען געוואָרען, זיך אַלעמאָל אַזוי אַוועקשטעלען און אַרויסגעבען די דערמאנטע אויסדרוקען, געקענט זיין די פאָלגענדע:

## אין גן־עדן, „אוקראַכטען"

נאָכ'ן חומש, איז גאָר די וועלט איינגעפונדעוועט געוואָרען פונ'ם אויבערשטען אין זעקס טעג. דעם מענשען האָט ער באַשאַפען צום לעצטען, אויפ'ן זעקסטען טאָג—פרייטאָג, הייסט עס. לויט דאָס באַשריבענע איבער דעם, האָט עס שוין געמוזט זיין פאַר'ן „ליכט־בענשען", ווען פרומע אידען איילען זיך שוין אין שוהל אַריין מקבל־שבת זיין און צו זינגען „לכה דודי", האָט ער דאַן, פאַר דער קורצער צייט צונויפגעשאַרט פון דער ערד אַביסעל פאָרעך, ס'באַרעגענט, געמאַכט אַ בלאָטע, אַ טייג, און דערפון אויסגעקנעטען דעם ערשטען מענשען—אדם'ען.

נאָר, ביז דער אויבערשטער האָט אויסגעפאָרעמט דעם שמחה'ן, האָט עס געדויערט לענגער; עס האָט שוין גענומען אַ יאָהר ניינצען, אַ יאָהר צוואַנציג.

און ניט אין דעם גן־עדן, אין וועלכען ער האָט אַריינגעפיהרט אדם'ען, דעם ערשטען, נאָך דעם ווי ער'ט איהם באַשאַפען, האָט ער איהם אַריינגעלאָזען, נאָר אין אַן אַנדערען! ווייל, ווי עס איז שוין אַצינד באַוואוסט האָט דער אויבערשטער גראַדע אויסגעגרייט מעהר פון איין גן־עדן! . . ער'ט געמאַכט

אפילו א גן־עדן העליון, ווי מ'גן־עדן, התחתון, און איהם האָט ער שוין אריינגעלאָזען אין דעם גן־עדן, „אוקראאכטען".

דער גן־עדן „אוקראכטען" פארמאָגט אפילו חסרונות: ראשית, איז אין איהם די מעהרסטע צייט פונ'ם יאָהר קאלט; זיין גרונט איז דאָן פארשאָטען כמעט אדורכאויס מיט שניי; זיינע „פיער טייכען" זיינען באדעקט מיט אייז; עס בלאָזען אין איהם קאלטע ווינטען און ניט איין מאָל מאכט זיך א זאווערוכע און פארווארפט איהם מיט שניי, אזש איבער'ן דאך; עס הערשען אין איהם דעמאָלט פרעסט, און ניט זעלטען נעמט דאָרט א גרויסער פראָסט, א גרימערדיגער, אז ווען מען הייצט אין איהם דאָן ניט איין די הריבע, וואָלט מען דערפרויען געוואָרען.

ווייטער, פון די חיות און עופות, וואָס ער, דער אויבערשטער, האָט איהם צוגעטיילט, זיינען איינינע גאָרניט קיין ציקאווע, און באזיצען אויך גאָרניט קיין שעהנע, קיין לייטישע קולות.

אפילו שוין, די בהמות, אין איהם—מוהקען, ווי אויך, די שעפּסען מיט די ציגען—מעקען, אָבער נאָך די מיאוס'ע חזירים—כרוקען. כלבים—האווקען און די קעץ—ניאווקען.

און מיט די עופות איז אויך ניט בעסער: די היהנער—קאָקען, גענז—גאגען, די קאטשקעס—קוואקען און נאָך די וואראנעס מיט די סאראקעס — קראקען, און נאָך געפינען אין איהם אזוינע באשעפענישען, פויגלען, וואָס דראקען . .

דערפאר זיינען אָבער די הימלען, וואָס ער'ט פארשפּרייט איבער איהם, טיפע און בלויע: ווי אויך האָט ער אריינגעשטעלט אין זיי די צוויי גרויסע ליכטער: די זון צו באשיינען דעם טאָג און די לבנה, צום באלייכטען די נאכט; ווען ער באפוצט זיי נאָך, באפינטעלט זיי מיט אָהן א שיעור און אָהן א צאָל שטערען.

ווען עס קומט אין איהם אָן די ווארעמע צייט, ווערט ער שוין, דער „גן־עדן" אָדער „גן־אוקראאכטען", אָן אמת'דיגער גן־עדן. זיין באָדען באדעקט זיך, כמעט אינגאנצען, מיט גרינעם גראָז, מיט פארשידענע סאָרטען פלאנצען און באצירט זיך מיט צאצקעס פון אלע קאָלירען! די בוימער קליידען זיך אָן מיט גרינע בלעטער; באלד צוויטען זיי, וואו איינינע גיבען ארויס אזוי פיינע ריחות, אז עס שמעקט, אז ס'א מחיה . . אויך א סך

פון זיי נעמט נאָך דעם, ווי זיי בליהען אָפּ, וואקסען פרוכטען מיט אלע טעם'ען: עפּעל און בארען, קארשען, ווייִנשעל און פלוימען, און שוין אויף נידעריקערע בוימלאך, וואקסען וויינ־פערלאך; אין א סך פלעצער, פון קורצענקע בוימעלאך מיט עטליכע בלעטלאך, כמעט לעם דער ערד, קלייבט מען אָן סינענ־צעס, יאגאָדעס; פון אנדערע, שוין מיט הויכע שטענגלאך, רייסט וועט אראָפּ אזשענעס, מאלענעס, פון וועלכע מען מאכט סאָק . .

פאר דער ווארעמער צייט פליהען אהינצו פויגלען און פוי־געלאך, וועלכע זעהען אוים פראכטיג! איינע האָבען טשוביק־לאך, געלע פיסקאלאך און ברייטע ווידעלאך און זיינען פון אלע קאָלירען: האָבען זיי: בלויע קעפּעלאך, רויטע, געלע, גרינע פליגעלאך, אָדער אנדערש ארומער. אין א שעהנעם טאָג, ווען עס לאָזט זיך אראָפּ צו דער ערד אזא פויגעל און נעמט שפּאַ־צירען, זוכענדיג א ביסען, איז גוט צו קוקען . . א טייל פון זיי גיבען ארוים פון זיך כסדר זים־הארצעדיגע, סווישטענדרע טענער, וואו אייניקע קנאקען דערביי צו מיט זייערע פיסקעלאך.

עס פליהען אהינצו אָן פאר דער ווארעמער צייט, פאר'ן זומער די נאכטיגאלען, איז ווען מען הערט זיי אין א וואלד ארויסגעבען זייערע קולות, ווערט מען געפּלעפּט! זייערע טענער, זייער פארשידענארטיגער קנאקען מיט די פיסקעס, קלינגען, ווי זיי זאָלען האָבען געקומען פון אָן אנדערער, פון א סך א שעה־נערער וועלט! פון א וועלט, אויף וועלכער עס זיצען ניט קיין מענשען, נאָר, וואו עס וואוינען מלאכים.. איז, אָט, אין דעם „גן־אוקראכטען" איז אריינגעלאָזען געוואָרען דער שמחה.

יאָ, באשאפען האָט ער איהם ניט אליין; נאָר, ער'ט איהם געלאָזט אָפּ'מלאכה'ן אדורך צוויי מלאכים! און די צוויי מלאכים זיינען גאָר קיין מלאכים ניט געוועז, נאָר א מלאך מיט א מלאכ'טע: דער מלאך, טאַט, מיט דער מלאכ'טע—מאם! און ארויסגעקומען איז ער פון זיי גאָר נישטיג, קליין, געוועזן א מיגעגע, „א שטיק פלייש מיט אויגען", וואָס האָט זיך אליין אפילו ניט געקאָנט א ריהר טאָהן, האָט נאָר געוואוסט צו שרייען.

דאן האָבען זיי פונ'ם אויבערשטען געקראָגען א באפעהל אויף איהם אויפּפּאסען, איהם ארויסהעלפען מיט יעדער זאך,

וואָס ער׳ט באַדאַרפען, ביז ער׳ט אונטערוואַקסען און ווערען שטאַרק געננוג, צו קענען פאַר זיך אַליין עפּעס אויפטאָהן! און ער האָט זיי געמאַכט פאַראַנטוואָרטליך פאַר איהם.

די מאַטעריאַלען, וואָס ער׳ט זיי דערלאַנגט פאַר זיין אויס־פּאָרעמונג זיינען, ווייזט אויס, געווען ניט פון די בעסטע: יעדענ־פאַלס—ניט אַזוינע גוטע, ווי די, פון וועלכע ער האָט באַשאַפען אדם׳ען. ווייל יענער, לויט ס׳איז באַשריבען, איז גלייך נאָכדעם, ווי ער׳ז אָפּגע׳מלאכה׳ט געוואָרען, שוין געווען אַ גאַנצער קנאַ־קער, אַ גאָרער פּאַרשוין; ער האָט שוין געקאָנט געהן און שטעהן און אַזוי ווייטער . . אָבער דער איז אַרויסגעקומען אַ פּיצעל, אַ שוואַכענקער, אַפילו—אָהן צייהן, מיט ביינדלאַך, ווי לעמישקע.

זיין הויט אויסגעשיינט, ווי מיט רויטע פּליאַמעס און האָט אילע מאָל געפּלאַצט אויף אַן אַנדער אָרט, וואו עס פּלעג אַרויסשיסען פון זיין אינגעווייד, פון זיין בלוט וואָס זיינען אויך, הפּנים, געווען פאַרמישט מיט אומריינקייטען, פּרישטשעס, בלאַטערען, טשוריקעס און ניט זעלטען אַ גאַנצע מכה! אויפ׳ן קאָפּ איז ביי איהם די הויט אינגאַנצען צוקראָכען געוואָרען און עס האָט זיך דאָרט אויסגעגאָסען אַ שחין . . דערצו איז ער אַלע מאָנטאָג און דאָנערשטאָג געפּאַקט געוואָרען פון אַן אַנדער מיט סאָרט קריינק: ער׳ט געמוזעלט, אַפילו—געפּאָקט און גע־האַט אויף זיך פאַרשידענע מינים סאָרטען אויסשיטען: ווינד־פּאָקען, הוהנער־פּאָקען, ער׳ט זאָגאַר געהאַט שקאַרלעטינע, און ביי די „מלאכים“, „מ“ און „ט“ זיינען אַרויסגעפאַלען די הער־צער, וואו זיי פּלעגען באַלד מודיע זיין דעם אויבערשטען וועגען דער סכנה און איהם בעטען רחמים ער זאָל קומען העלפען.

ויהי היום, איין מאָל, אין אַ ווינטער, ווען ער׳ז נאָך ניט אַלט געווען קיין יאָהר דריי, איז ער פאַרכאַפּט געוואָרען פונ׳ם קרופּ, אַזאַ געפעהרליכע קינדער־קריינק, וואָס שפּאַצירט אַרום דאָרטען אין דער קאַלטער צייט און זעצט ביי זיי זיך אָן אין האַלז . . ער׳ט שוין ניט געקענט אָטעמען—קוים אַרויסגעגעבען אַ מין כאָרכעל. און די אויגלאַך האָבען זיך שוין ביי איהם איבערגעקערט; דאַן איז שוין די מלאכ׳טע מאַם געלאָפען אין

שוהל אריין און פאר צופראלטע טיהרען פונעם ארון־קודש, האט זי מיט פארבראכענע הענט, מיט באנומענע קולות געשריען צום אויבערשטען, ער זאל קומען ראטעווען.

און דער אויבערשטער, גראדע, האט זיי יעדערס מאל דער־הערט און זיך צו זייער געבעט געקעהרט. איהם אריינגעגעבען כוחות, אז ער'ז בייגעשטאנען די אלע שלאפקייטען, ער'ט איהם אויך געלאזט זיך אפרייניגען פון די טשיריקעס, פון די מכות, איהם פארריכט די אויסגעגעסענע ערטער פון זיי, פארצויגען מיט דער הויט, אז ס'איז געבליבען ניט צו דערקענען.. פונ'ם שחין אויפ'ן קאפ איז ער אויך פטור געווארען, נאר דארט פון אויבען איז שוין ביי איהם געבליבען סמנים, און דערביי האט ער געזעהן ער זאל יעדער ווילע ווערען גרעסער און שטארקער; אזוי, ביז ער איז ארויפגעקומען צו זיין פינקטליכער מאס און ער'ט זיך אויסגעשטאטלט מיט זיין ריכטיגער פיזאנאמיע, וואס האט געדויערט, ווי שוין אין אנפאנג געשאצט, א יאהר ניינצען, א יאהר צוואנציג.

## וועגען זיין נשמה:

וואס דא איז נאך ניט גערעדט געווארען, איז וועגען דער נשמה, וואס איז אין איהם אריינגעבלאזען געווארען.

ווי עס קוקט טאקע אויס, געפינען זיך ביים אויבערשטען נשמות, א גאנצער זאפאס. שאץ! נשמות פון פארשידענע סאר־טען, פון אלערליי גראדען, מיט פון וויפילע אייגענשאפטען! ווייל, מען זעהט מענשען מיט גוטע נשמות און מיט שלעכטע, מיט קנעכטישע, הונטישע, קליינליכע, מיט פארוויינטע נשמות . . מיט איינגעגעסענע, וואנדערענדיגע, בלאנדזענדע און פאר־בלאנדזעטע. וועה, אויסרעכענען זיי? אהן א שיעור! און האל־טען, האלט ער זיי, איז איבערגעגעבען געווארען, אונטער זיין כסא הכבוד. הפנים, וויל ער ניט, עמיצער אנדערש זאל זיך מיט זיי פארען . . דערביי זיינען נאך די נשמות צוטיילט אין אידישע און אין גויאישע. און באשיינפערליך איז, אז גויי־אישע געפינען זיך ביים אויבערשטען ק"ן—אלפים מאל מעהר ווי די אידישע. און ועל כלם, זיינען נאך די אלע נשמות ביי

איהם פארנאַנדערגעמאַכט אין מאַנסבילשע מיט ווייבערשע. און כאַטש, וואָס ער איז דער פונקטליכסטער בעל־חשבון, דער גרעס־טער מייסטער איז ביים אריינשטעלען אין די מענשען די נשמות, מאַכט ער אויך אָפּטער אַ טעות: ער כאַפּט ארויס אַ ווייבערשע און זעצט אַריין אין אַ מאַנסביל און אויך פארקערט; דערפאַר באַגעגענט מען טאַקע מענער מיט שטופּיקעס און מיט פאַרטו־כער און פרויען מיט פלידערען . .

און דאָס זעלבע טעות'ן טוט ער נאָך מעהר אָפּ מיט די גויאישע און אידישע, וואָס ער דערלאַנגט אַ גויאישע נשמה אַ אידען, און אַ גוי—אַ אידישע. און דאָ איז שוין דער רעזול־טאַט גאָרניט קיין פויגעלדיגער; די אידען מיט די גויאישע, ציהט כסדר צו די גויאים און ווילען זיך נאָכמאַכען און אויס־קוקען, ווי די גויאים . . און די גויאים מיט אידישע, זיינען מקנא די אידען . .

אָבער, וואָס פאַר אַ נשמה האָט דער אויבערשטער אריינ־געשטעקט דעם שמחה'ן? פון וועלכען גראַד, פון וואָס פאַר אַן איינגענשאַפט? איז זי מעגליך ניט געוועז קיין ווייבערשע? און אפשר גאָר—אַ גויאישע?

וועגען דער ערשטער איינגענשאַפט איהרער וועט מען פיליכט קענען ווייטער אָפּשאַצען, נאָר פון דער לעצטער—אַ גויאישע, האָט זי שוין ניט אויסגעקוקט צו זיין.

און די אידישע נשמות, איז דאָ ווערטה באַמערקט צו ווערען, זיינען דאָך פון דעם מין וואונדערענדיגע; ווארום, די ערשטע, וואָס האָבען זיי אַריינגעקראָגען האָבען שוין גלייך גערדארפט נעהמען דעם „וואַנדערשטעקען“.

און מיט דער נשמה, אין דעם מיגעגערשען צושטאַנד, ווי אזוי ער'ט זיך ארויסגעשיילט אַדורך די צוויי „מלאכים“, איז ער אריינגעלאָזען געוואָרען אין דעם גן־עדן „אוקראַכטען“.

אָבער חוץ וואָס זיין אויספאַרעמונג איז ניט צוגעגאַנגען אזוי פויגעלדיג, ווי אדם, דעם ערשטענס, וואָס ער איז ארויס־געקומען אזא מין צוקראָכענע גזירה, איז נאָך דער גן־עדן „אוק־ראַכטען“, אין וועלכען ער איז אריינגעבראַכט געוואָרען, פאַר איהם גאָר קיין גן־עדן ניט געוועזן; ערשטענס איז ער געוועזן

איבערגעפילט מיט מענשען, אין וועלכע עס זיינען ארייגגע־
בלאזען געווארען גויאישע נשמות, און די, מיט די גויאישע,
האבען כסדר פיינט, קענען ניט אנקוקען א מאן מיט א אידישער.
דערצו זיינען נאך די מעהרסטע, גויאישע פונ׳ם סארט—קין׳שע,
מערדערישע, הייסט עס, באפאלען זיי אפטער די מיט די אידישע,
הרג׳ענען, שלאגען, און יאגען זיי פון אומעטום, איז פון זינט
ער׳ט אנגעפאנגען צו געדענקען, פלעגט ער מורא האבען ארויס־
געהן ווייטער פון זיין טיהר, גואים זאלען איהם ניט באקומען.

א פאר מאל, איגגעל־וויים, האט ער געדארפט אדורכגעהן
די גויאישע גאס, האבען איהם גויאישע קינדער, שקצים, גע־
פאקט און געשלאגען מכות, רצח, אז ווען נאר זיי פלעגען איהם
דערזעהן, האבען שוין גענומען אויף איהם בילען ווי די הינט
שרייענדיג איהם: „זשיד, פארכאטי!" . . און זיך רייסען אויף
איהם.

איין מאל, לויט ווי ער האט דערציילט, אין א זומערדיגען
טאג: די זון האט געשיינט, דער הימעל איז געווען לויטער און
קלאר, כמעט אלץ ארום האט געגרינט און פויגלען זיינען גע־
פלויגען אין דער הויך, האט ער שוין ניט געקענט ביישטיין דעם
נסיון פון ארויסצוגעהן ווייטער פון דער טיהר, אום אנצוזעהן
אביסעל פונ׳ם גן־עדן, „אוקראכטען".

אליין האט ער פון דעסטוועגען, מורא געהאט. אזוי ווי
ס׳האבען זיך דארט געפונען נאך אזוינע איגגלאך, האבען זיי
זיך עטליכע צונויפגענומען, זיך איינגעשטעלט און זיך אוועק־
געלאזט אין א דערבייאיגען וואלד. די בוימער זיינען דארט
געווען באוואקסען מיט גרינע בלעטער און געשמעקט האט די
פרישע לופט, אז א מחיה . . דערביי האט זיך אלעמאל פאר־
נאנדערגעטראגען פון די בוימער אן אנדער מין אויסזינג פון
די פויגעלאך און זיי: זשוקאלאך, אלערליי, האבען זיך גערוקט
אינעם גראז און אומעטום; פארשידענע פליגען, באבעצעס,
בינען זיינען ארומגעפלויגען און אט האט זיך ווי אדורכגעהונקען
א ווייסער „פארך"—א שמעטערלינג . . און ער מיט די איבע־
ריגע קינדער האבען זיך דערשפירט אויפגעלעבט און זיינען
ארומגעלאפען און געשפרונגען ווי די ציגעלאך.

ניט ווייט פון אַ וואַלד, מיט אַ וועג, אַראָפּ צווישען בערג,
קומט מען צו אַ טייך.

און דער טייך, דאָרטען פליסט זיך,
אַזוי רוהיג און שטיל,
בין געגאַנגען זיך באָדען,
זיין פריש, און זיין קיהל —

אַ שייגעץ, דאָרט שווימענדיג,
אין אַ שיפעל, גאַנץ פריי,
אַ לידעל זיך זינגענדיג,
—פייפט צו דערביי;

מיט קווא, קווא, קווא, קאַטשקעלאַך,
פון דער צווייטער זייט—ברעג,
שפּרינגען אין טייך אַריין
און שווימען אַוועק . .

פאַרקאַטשעט אַ גויאיטשקע,
אַזוי וואַשט דאָרטען גרעט,
און ערגעץ אַ ווינטעלע
גיט מיך אַ גלעט . .

איך זעץ מיר צום בערגעלע,
וואָס באַוואַקסען מיט גראָז,
מיר דאַכט, ווי אַ פליגעלע,
בייסט מיר אויף דער נאָז . . .

די בערג אַרום הויבען זיך,
אָט, א דאָ, און אָט, דאָרט,
קוקט פון איינעם אַ צווינטער,
פון צווייטען דאָס אָרט,
דאָס הייליגע אָרט . .

און די זון באַשיינט אַלעם
אויף וואָס פאַלט נאָר דער בליק,
פונעם שייגעץ אַ שטיין,
לויף איך שוין צוריק! . .

א צייט האָבען זיי פארבראַכט אין וואַלד און קיינער האָט זיי ניט געשטערט, האָבען זיי זיך באַטראַכט צו געהן זיך באָדען.

און לעם טייך, האָבען פון א דערבייאיגען בארג, פון איבער וועלכען ס'האָבען זיך אַוועקגעשפרייט פעלדער, באַוואַקסענע מיט זאנגען, זיי דערזעהן שקאָצים און האָבען זיך געשטעלט אויף זיי וואַרפען שטיינער.

דעם שמחה'ן האָט געטראָפען אַ שטיין און איהם געמאַכט אַ לאָך אין קאָפּ, אז דאָס בלוט האָט זיך ביי איהם גענומען גיסען פונ'ם שטערן, איבער'ן פּנים, ארום האַלז. עס האָט איהם פאַרשווינדעלט און ער'ז אַוועקגעפאַלען ביי דער זייט פונ'ם וועג אין א ראָוו אריין. אַן אַנדערער האָט געקראָגען א שטיין אין אויג און די איבעריגע זיינען מיט'ן לעבען אַנטלאָפען און האָבען עס מודיע געוועזן די צוויי מלאכים, וועלכע האָבען עס געהאַט פונ'ם אויבערשטען די אויפזיכט איבער דעם שמחה'ן; זיינען זיי געקומען צו פליהען, ניט טויט ניט לעבעדיג, איהם געכאַפּט און אַוועקגעטאַסקעט צוריק אין שטוב אריין און אין אויגענבליק געבראַכט דעם מלאך רפאל'ס אַ העלפער, האָט ער איהם פאַרנייהט די לאָך אין קאָפּ. אָבער ער'ט שוין פאַרלוירען צופיעל בלוט, האָט ער גענומען ברענען מיט גרויס היץ. אז די צוויי מלאכים האָבען זיך שטאַרק דערשראָקען פאַר זיין לעבען און ווי אַלע מאָל געבעטען מ'אויבערשטען ער זאָל רחמנות האָבען און איהם העלפען.

נו, האָבען זיי דאָס ביי איהם גראַדע אויך גע'פּועל'ט, ווי ער'ט איהם געלאָזט צוריק פאַרהיילען די לאָך אין קאָפּ און ווידער געזונט ווערען. נאָר, ווי די זאַך — דערווייל איז שוין צו זעהן. איז דער „גן־עדן אוקראַכטען" איבער זיינע מענשען מיט די גוייאישע, קינ'שע נשמות, שוין פאַר איהם גאָר קיין גן־עדן ניט געוועזן.

2

ווי שוין געזאָגט, זיינען די צוויי מלאכים, אַדורך וועלכע ער'ז ביים אויבערשטען אויסגעפורעמט געוואָרען, גאָר קיין מלאכים ניט געוועזן . . .

דער טאטע זיינער איז געווען א איד, א חסיד און א כעס'ן. אין שוהל, ביים דאווענען פלעג ער טראָגען א ברייטע, קיילעכ־דיגע, סאמענטענע יארמולקע, פון אונטער וועלכער זיינע צוויי, געלע פיאות האָבען זיך ארויסגעשטעקט, ווי צוויי, געלע בערשט־לאך . . פאר איהם האָט ער זיך געדארפט האלטען שטילער, ווי וואסער. ער פלעג איהם אפילו פרייטאָג מיטנעמען אין מרחץ אריין, און שבת צום רעב'ן. אָבער אין מרחץ האָט ער איהם געשמיסען אויף דער אויבערשטער באנק . . און אין שוהל האָט ער געמוזט שטעהן לעם איהם, ניט אָוועקקוקענדיג פונ'ם סידור. אז ניט, האָט ער געקראָגען פון איהם א פייער־דיגען פאטש! . . און ער האָט איהם ניט געקארגט קיין פעטש. ער האָט זיי איהם דערלאנגט פארוואָס ער איז געשטאנען, הלמאי, איז ער געזעסען, ווארום האָט ער זיך א דרעה געטאָהן און ווייל האָט ער זיך ניט.

ביים לערנען האָט ער שוין געקראָגען געשלאָגען פון צווייען, דערביי האָט ער געכאפט פעטש: אי פונ'ם רעבי'ן, אי פונ'ם טאטען.

צו א יאָהר פיער, ווי געווען דער מנהג, האָט מען איהם שוין אָפּגעגעבען אין „חדר", וואו מען האָט איהם אָנגעפאנגען לערנען אין א לשון, וואָס זיין עלטער, עלטער־באבע האָט עס ניט פארשטאנען, אינעם לשון פון דער הפטורה. דער מלמד אליין האָט ניט באגריפען דעם מיין פון די ווערטער! ניט בלויז דעם מיין—ער'ט אויך ניט געוואוסט ווי מען באדארף זיי ארויס־ברייינגען; פעסאך, פסח, פלעג ער זאָגען פייסאך; ברוך אתה, בארוך אטאָ—בוריך אטו . . עס האָט איהם גענומען א צייט, איידער ער'ט זיך אויסגעלערנט מיט די אותיות צונויפלייגען ווערטער. און ערשט דערנאָך, האָט ער ניט געוואוסט מ'באטייט פון זיי. גאנצע זאצען האָט ער זיך איינגעכאזערט צו זאָגען, ניט באגרייפענדיג זייער מיין. און אום אריינצוגעבען אין זיי כאָטש א שטיקעל געדאנק, פלעג ער ביי זיך אליין צו געוויסע צופאסען אַן אייגענעם אויסדרוק, ווי למשל, צו „מודה אנו", האָט ער צוגעזעצט: קיין שעהנע פאנע, די באבע כאנע, נאָך ערגער, האָט ער געזאָגט: מאכט א וואנע— . . און ביים תהלים,

זואו דער מלמד האָט איהם בשום אופן ניט קלאָר געמאַכט מ׳ באטייט פון למנצח על הגתית, האָט ער זיך אליין שפעטער געזאָגט—טאַקע מיט׳ן ניגון—למנצח, על הגתית, טאטע, וואו ביזטו עס? . .

וואָס האָט ער געקענט טאָן? אידישע טאטע־מאמע האָבען געהאַלטען פאַר קלוג צו לערנען זייערע קינדער אין לשון פון דער הפטורה, וואָס זעלטען עמיצער האָט אפילו געוואוסט, ווי מען ברייגגט ארויס פון דעם א וואָרט. די קינדער האָבען גע־מוזט פאָלגען, מען האָט זיי געפּאַטשט, געשמיסען מיט׳ן קאנ־טשיק. ער האָט דווקא פאַרמאָגט קיין שלעכטען קאָפּ, ניט אויסגעפילט צום רעבענס טיש — נאָר, אז די ווערטער זיינען איהם פאָרט געווען פרעמד? ווערטער פון א שפּראך פון למך׳ס צייטען? . .

ויהי היום, דער רבי האָט מיט איהם גענומען איינכאַזערען די „יוצרות", און ער האָט גערארפט נאָכזאָגען: אז קציץ, בן קציץ קצצי לקציץ. מילא, פונ׳ם טייטש איז אָפּגערעדט, נאָר ארויסגעבראַכט האָט ער: אז קציץ בן קציץ, און קצצי לקציץ—קצצי לקאקייץ . . האָט איהם דער מלמד דאָן אָנגעכאַפּט, אוועק־געלייגט אויף דער קניה, איהם אראָפּגעריסען די הויזלאך און איהם אָפּגעשמיסען . .

ער האָט זיך קיין מאָל ניט געקענט אָפּגעבען קיין רעכענונג פאַרוואָס מען שלאָגט איהם: ער׳ט נעבעך געוואָלט לערנען און פון גרויס צער, פלעג ער כליפּען און אַמאָל פלעג ער אַזש אויס־זעצען אין א ווילדען געלעכטער . .

ווען ער האָט זיך שוין אביסעל צוגעוועהנט צום הפטורה־שען לשון, וואו ער׳ט שוין וויסע־ניט־איז געזאָגט פונ׳ם חומש פונ׳ם „פסוק", האָט איהם דער מלמד פאַר א נאָווינע מכבוד געווען איין מאָל יעדער וואָך מיט זאָגען נאָך אזא מין, שווע־דערען לשון, מיט׳ן „תרגום"־לשון. דער מלמד האָט איהם אפילו ניט געפּרואווט פאַר־אידישען די ווערטער, ער האָט זיי כמעט אליין ניט געוואוסט . . ער האָט איהם נאָר באַפוילען זיי צו זאָגען, און ער, פאַרשטעהט זיך, האָט עס געמוזט פאָלגען און

ברעכען די ציין אויף דעם פאַר איהם ניט פאַרשטענדליכען „תּרגום".

אַזוי ווי ער'ט ניט פאַרמאָגט קיין שווערען קאָפּ, האָט מען איהם צו אַ יאָהר זיבען געזעצט צו דער גמרא. אויב עס איז נויטיג פאַר קינדער דער לימוד, וועלען מיר איבערהופּערען, אָבער די גמרא איז דאָך צוזאַמענגעשטעלט פון דיבורים, וועלכע מ'האָט אפשר פאַרשטאַנען גאַר אַמאָל אין ירושלים, און ערגעץ אַרום ארם־נהרים, וואו אַ קייסער איז נאָך, ווי אַ חיה געגאַנגען אויף די ידיים און רגלים . .

דער לימוד האָט ניט אַרויסגערופען אין איהם קיין אינ־טערעס און צו די ווערטער האָט זיך איהם אויך ניט געקלעפּט דער צונג, אָבער דאָ האָט ער שוין געקראָגען דערלאַנגט פייער־דיגע פּעטש! . . און ביי זיך אַליין, טראַכטענדיג פון דער גמרא, פלעג ניט איין מאָג זאָגען: אמר אביי, „כטא" טעבע זנייע! . .

אַזוי האָט שוין דער שמחה געהאַט אַ סך וויניגע מזל פון אדמ'ען מ'ערשטען, סיי מיט זיין אויספאַרעמונג, סיי מיט'ן גן־עדן. אדמ'ען, גיט נאָר אַ קוק! חוץ, וואָס ער איז אָפּגע־מלאכה'ט געוואָרען פונ'ם אויבערשטען אַזוי קונסטליך, ווי ער האָט אויסגעזעהען ווי אין זיין געשטעל, האָט ער איהם באַזעצט אין גן־עדן וואו עס האָט זיך ניט געפונען עמיצער, ווער עס זאָל איהם פיינט האָבען, פאַר וועמען ער זאָל זיך דאַרפען שרעקען; ווייטער, אַריינפיהרענדיג איהם אין דעם גן־עדן, האָט איהם, דער אויבערשטער געלאָזט אָנרופען די חיות, די פויגלען— אַלע זאַכען מיט נעמען ווי דעם אדמ'ען, אַליין, איז געפעלען . . אָבער איהם?

מילא, ווי אַזוי ער איז אַרויסגעשיילט געוואָרען אַדורך די צוויי מלאכים, וואָס פאַר אַ מין צוקראָכענע גזירה ער איז ביי זיי אַרויסגעקומען, איז שוין גענוג צו דערמאַנען . . נאָר, אין דעם „גן־אוקראַכטען" אין וועלכען ער איז אַריינגעלאָזט גע־וואָרען, איז איין מאָל, שוין געווען אָנגעפילט פון אַ סך מיט גויאישע, קינ'שע נשמות, וועלכע האַסען די, מיט די אידישע. צו וואָס אַ שטייגער האָט עס דער אויבערשטער געדאַרפט אַזוי?

טאַקע צו וואָס? האָבען זייערע קינדער, די שקאָצים, וואו נאָר זיי האָבען איהם דערטאַפּט, געלייגט אין די יאָהרען אריין; אַזוי, אַז ער'ט איבער זיי כסדר מורא געהאַט אַרויסצוגעהען ווייטער פון זיין טיהר; און צום צווייטען, פאַר באַטיטלען חיות, פויגלען א. ז. וו., האָט מען איהם דערלאַנגט ווערטער פונ'ם לשון פון דער הפטורה, צו וועלכען ס'האָבען זיך ניט געוואָלט בויגען זיינע לעפּצען. מיט נאָך אַ צוגאב פון אַ תרגום־לשון און אַ אמר אביי'עשען . . מען האָט איהם געפּאַטשט און געשמיסען מיט'ן קאַנטשיק, ער זאָל ברעכען די צייהן אויף פרעמדער, ניט־פאַרשטענדליכע פאַר איהם ווערטער. און דאָס האָבען שוין געטאָהן ניט קיין קליינע גויאים־שקאָצים—ווי מען רופט, נאָר זיינע, אייגענע, גרויסע אידען! . . און ער'ט אין די קינדער־יאָהרען, נעבעך ניט געוואוסט פאַר וועמען ער זאָל בעסער מורא האָבען, צי פאַר די קליינע גויאים צי פאַר די גרויסע אידען? . .

צו אַ יאָהר דרייצעהן, איז ער פּטור געוואָרען פון דער לעצטער אָנשיקעניש; זיינע עלטערן האָבען ניט פאַרמאָגט אויף אויסצוהאַלטען איהם ווייטער אין חדר, ווי נאָך צו שיקען איהם אין אַ ישיבה, און ער האָט געמוזט געהן לערנען זיך די מלאכה; איז, אַרבייטענדיג, האָט ער אַ ספר מיט אַ לימוד, מיט וועלכען מען האָט איהם געמאַטערט אין חדר, ווי אַ חומש, אַ גמרא, כמעט מעהר אין האַנט ניט גענומען. און וואָס פאַר אַ ספרים ער האָט זיך דאַן, גראָדע, אַריינגעגעבען מיט גרויס אינטערעס, זיינען געווען ביכער פון זיין אייגענעם לשון . .

און דאָס איז שוין צוגעגאַנגען מיט איהם אַזוי:

ווי שוין דערמאַנט, איז זיין טאַטע געווען אַ איד, אַ חסיד און אַ כעס'ן, וועלכער פלעג איהם מדריך זיין מיט אַלערליי גראָדען פּעטש . . דערפאַר אָבער איז זיין מאַמע, ווי איבער־הויפּט מאַמעס, געווען אַ גוט־האַרציגע, און אַ צוגעלאָזענע.

זיי האָבען געצויגען די פּרנסה פון דעם, וואָס זיי זיינען געשטאַנען אין מאַרק מיט אַ שטעלע פון געבעקס; איז די מאַמע געווען ביי איהר די גאַנצע „אשת־חיל„ גאָר די איינקויפערין און פאַרהאַנדלערין. דער פאָטער זיינער, מיט די געלע פּיאות, ווי בערשטלאַך, איז אָדער ער'ט זיך געפונען אין שוהל, אָדער

—ביים רבי'ן. און טאָמער האָט זיין מאמע ניט געקענט אויפ־שטעהן אזוי פריה און לויפען אין דער גיך צו דער שטעלע, פלעגט ער אויף איהר וואַרפען בייזע בליקען.

ער איז געוועזן ביי זיי דער איינציגער זכר; איז די מאמע געוועזן בעסער צו איהם און זי האָט איהם געקעכעלט און ער האָט זיך געפונען צו איהר צוגעקניפּט.

זי האָט געוואוסט אביסעל צו זאָגען פון טייטש־חומש פונ'ם „צאינה וראינה" און כמעט אַלע שבת בייטאָג, ווייל זי האָט נאָר געוואוסט אביסעל . . פלעג זי ארויסלייענען פונ'ם טייטש־חומש אויפ'ן קול . .

ער פלעגט דאן זיצען לעם איהר און זיך צוהערען, ווי זי האָט ארויסגעבראכט מיט איהרע פּראָסטע פארשטענדליכע ווערטער, נאָך מיט'ן ווייבערשען, מאַמעשען, ווײנענדיגען טאָן די וואונדערליכע, שעהנע געשיכטעס פונ'ם טייטש־חומש, און זיין הארץ און פאנטאזיע פלעגען פארכאפּט ווערען און ער האָט ממש מיטגעלעבט מיט די העלדען פון די ווערטהפולע מעשות פון חומש. ווען קענענדיג שוין זעלבסט צונויפשטעלען ווער־טער, פלעג ער אַליין מיט הנאה לייענען מ'טייטש־חומש. עס האָבען זיך איהם געהאַט צוגעקראָגען דער „ברך־אברהם", די מעשה מ'ג אחים, ספרים'לאך, וועלכע זיינען, גראדע, געוועזן אין זיין אייגענעם אידישען לשון, האָט ניט דער רבי, ניט דער טאטע איהם געדארפט נויטען אין זיי ארייגצוקוקען.

ווען ער האָט שוין געארבייט, האָבען זיך באוויזען גאנצע ביכער אין זיין אייגענעם לשון: ביכער, וואָס די כאוויירים האָבען דעמאָלט געטאָהן העלפען פארשפרייטען.

עס זיינען דאן אראָפּגעקומען כאוויירים, כאוויירים און כאוויירים! . . ווער און וואָס זיינען עס געוועזן די כאוויירים . .

## אין גיהנום, התחתון

די מענשען זיינען פונ'ם אויבערשטען באשאפען געוואָרען, דאכט זיך, א יאָ, אין זיין געשטעלל? האָבען זיי אָבער א נאַטור מיט זייער באנעמען זיך, צו געהן אויף שלעכטע, אויף קרומע, און געפעהרליכע וועגען . . אויף וועגען מיט קאליוזשעס, מיט

בלאָטעס, וואו מען קען זיך פארדריפען ביז אין האַלדז אין איינגעזונקען ווערען איבער'ן קאָפּ . . אויף וועגען, אויף וועלכע עס ליגען שטיינער, איבער וואסערע ניט איינער האט זיך שוין פארטשעפעט, און געבראָכען האלז און האקען; און וואו עס געפינען זיך אַזוינע, טיפע גרובער, אין וועלכע, אז מען פאַלט אריין, קען מען זיך שוין פון זיי צוריק ניט ארויסהויבען . . עס לויפען ביי זיי ארום חיות־רעות און לויערען בסדר צו כאפען עמיצען און איהם פארצוקען . . עס קריכען אויף זיי ארום שלאַנגען און עקדוש'ען, וועלכע זוכען תמיד צו דערלאַנגען איינעם א ביס: אונטענאַרומער . . עס שאַרען זיך ארום אויף זיי גנבים, אַלערליי מינים שווינדלער, שאכער־מאכער, וועלכע מיט פארשידענע אופנים און איינפאלען פארדרעהען זיי אַלעמען מ'קאָפּ, און נארען אָפּ יעדען איינציגען . .

די וועגען פיהרען אויך צו ערטער מיט הוילען, וואו עס פארקלייבען זיך די גזלנים! און צו די, מיט זייטיגע שטובלאך, וואו עס האלטען זיך אויף שדים מיט די לילית, און די לילית זיינען מיט ברענענדיגע, מיט פייערדיגע אויגען מיט צולאָזטע האָר, און געהען מיט נאַקעטע ברוסטען און ווען זיי באַקומען אריין איינעם, סמאקען זיי איהם אויס דעם מארך פון די ביינער . .

אָט, מיט די וועגען פארקריבען זיי צו אַלדע שווארצע יאָהר, אין די ערי־חושך און פאלען אריין דאָרטען אין גיהנום התחתון, וועלכענס באַלעבאָס איז דער שטן מיט זיין געזינדעל משחיתים.

און אוי, טוט מען זיי דאָרטען! . .

א צאָל פון די זעלביגע אריינגעפאלענע פאר א גוטען לוין פונ'ם שטן, ווערען אַליין „נישט־גוטע", און זיי דינען איהם, גראדע, גאַנץ געטריי . . זיי מאַכען די איבעריגע האָרעווען און לאָזען זיי כסדר פעכניען אויפ'ן פיסק, געהן באָרוועס און נאַקעט און ניט האָבען קיין לייטישען ווינקעל וואו אַוועקצולייגען מ'קאָפּ.

מאנכע מאָל, נעמט ער, דער שטן דורך זיינע ארויסהעלפער א סך פון די אריינגעפאַלענע און שטעלט זיי אויסעט אין שורות, שטופט זיי אריין פארשידענע כלי־זיין און צווינגט זיי זיך צו טויטען, שטעכען, שניידען און רייסען לעבעדיגע שטיקער

פלייש און גאַנצע גלידער איינס פון דאָס אַנדערע. פון אַזאַ ספּעקטאַקעל האָט ער מיט זיין געזינדעל פאַרדאָרבער גרויס הנאה . .

די מענשען רעדען פאַרשידען און פאַרשטייען זיך ניט; איז עס פאַר איהם מיט זיינע משחיתים אַ טייערע זאַך! ווארום, ווען פאַרקערט, וואָלטען זיי זיך אפשר אַמאָל צונויפגעשמועסט און מיט געמיינזאַמע כחות זיך געקענט פּרואווען שטעלען זייערע משחיתים אַנטקעגען. אַזוי אָבער, פיהרט ער אָן אַדורך זיינע שמשים פונ׳ם גענום רכילות׳ן ביי די פון איין אויסשפּראַך, אויף אַנדערע פון אַ צווייטער און זיי ווערען זיך שונאים אומ־זיסט און אומנישט . . קוקען בייז מיט פאַרדאַכט איינס אויף ס׳אַנדערע און די משחיתים מיט די שמשים, די נישטגוטע פונ׳ם גיהנום טוען שוין מיט זיי אָהן שום מניעות, וואָס נאָר זיי געפעלט.

די מענשען ווערען נעבעך בסדר געפייניגט אין גיהנום, און, ניט וויסענדיג ווי זיך אַליין צו ראַטעווען, קרעכצען זיי, וויינען און קלאָגען און בעטען דעם אויבערשטען, ער זאָל זיי העלפען . .

און דער אויבערשטער האָט אויף זיי אפילו פאָריבעל; ווארום, די מענשען האָבען פון איהם אַ וואָרענונג ניט צו קריכען אויף די שלעכטע און אויף די קרומע וועגען, מיט וועלכע זיי פאַלען אין גיהנום אַריין . . אָבער אַזוי ווי דער אויבערשטער, אונזערער איז אַ דערבאַרעמדיגער, רייסט איהם דער רחמנות אויף זיינע באַשעפעניש׳ען און ער קומט זיי אָפּט אַרויסציהען פונ׳ם גיהנום און אַוועקשטעלען צוריק אויפ׳ן לייטישען דרך, אָבער „איהם" אַליין גיט זיך עס ניט איין צו דערגרייכען, ווייל מיט גוויט טויג עס ניט; די מענשען זיינען אַרויסגעבראַכט גע־וואָרען ביי איהם מיט אַ פרייען ווילען, דאַרפען זיי פאַרשטיין און אַליין נאָכפאָלגען זיינע געבאָטען . . אָבער דאָ האָבען זיי זיך שוין געפונען אַזוי פאַרצוואַקעט אין גיהנום, אַז זיי האָבען אַפילו ניט געוואָלט הערען. ער האָט שוין געשיקט זיינע מלאכים, עס איז, הפּנים, איהם אַליין נמאס געוואָרען . . אָבער די מלאכים האָבען אויך ניט באַוויזען מיט די פאַרפייניגטע אין

גיהנום עפעס אויפצוטאָן. דאן האָט ער אויפגעשטעלט פאר זיי די נביאים.

די נביאים זיינען שוין ביי איהם אויסגעדערווילט פון מענשען אליין, האָבען די אפשר טאַקע בעסער געוואוסט ווי רעדען צו זיי . . אָבער דאָ איז שוין פאָרגעקומען טראַגעדיעס. די אַריינגעפאלענע אין גיהנום זיינען שוין געווען אזוי דער־שלאָגען, אַז עמיצער האָט גערעדט צו זיי וועגען אַרויסרייסען זיך, האָבען זיי עס אָנגענומען פאר געשפעט . . און האָבען זיך מיט רציחה געוואָרפען אויף דעם . .

מילא, די מלאכים האָבען זיי ניט געקאָנט שעדיגען, זיי זיינען, איידער עפעס איז, אוועקגעפלויגען . . מ'אויבערשטען? אוודאי, ניט! אָבער פון די נביאים, וואָס זיינען אליין אויך געווען בשר ודם'ס, האָבען זיי אַ סך אומגעבראכט . . ער האָט זיי ווייטער געגעבען חכמים, תנאים, נאָך אַזוינע פאַרשוינען, וועלכע האָבען געפּרואווט מיט אויפקלערונג; נאָר, אַ נעכטיגער טאָג! זיי האָבען גאָרניט באַנומען און זיינען אלץ אזוי געליגען אין גיהנום און זיך געפּרעגעלט . . קרעכצענדיג און בעטענ־דיג מ'אויבערשטען פאר הילף . .

אזוי ווי, ווייזט אויס, דער אויבערשטער האָט ניט קענענדיג פאַרליידען, ווי זיינע באַשעפענישען ווערען אזוי געמוטשעט, האָט ער גענומען און האָט געלאָזט אראָפּקומען צו זיי די כאווירים

און שוין ניט איינציגוויים, נאָר, אַראָפּגעקומען זיינען כאווירים און כאווירים! . .

און געווען זיינען די כאווירים קיינע מלאכים, קיינע נביאים, אויך גאָרניט קיין תנאים . . נאָר—יאטען, אמת'דיגע יאטען! . .

און זיי האָבען גענומען האַלטען רעדעס פאר די צופייניגטע און רופען זיי זיך צו פאַראייניגען און צוזאַמען שטעלען זיך אנטקעגען מ'שטן מיט זייערע משחיתים. בכדי, עס זאָל זיי זיין גרינג צו פאַרשטיין זייערע דיבורים, האָבען זיך די כאווירים גע־ווענדעט צו יעדער גרופּע אין גיהנום אין איהר אויסשפּראַך. אזוי האָבען זיי אויך געטאָן פאַרשפּרייטען בלעטער און ביכער

פאַר איטליכען אין זיין אייגענעם לשון, אין וועלכע זיי האָבען אויפגעקלערט זייערע צילען און פלענער.

און עס איז געשעהן ווי גרויסע צאָלען צופייניגטע האָבען זיך איינגעהאָרכט צו זייערע רעדעס, געקוקט אין זייערע בלע־טער, געלייענט די ביכער, און זיינען געקומען פאַר די כאַוויירים זיך צו אָרגאַניזירען פאַר אַרויסטרעטען אין שטרייט מיט זייערע פאַרדאָרבער . .

ויהי היום, ווען די צופייניגטע האָבען זיך שוין אַזוי געהאַט פאַרזאַמעלט אין גרויסע מאַסען, דאַן האָבען די כאַוויירים פאַר־נאַנדערגעוויקעלט פאַר זיי אַ פאָהן און אויפגעפאָדערט אַלעמען צו שווערען, אַז זיי וועלען שטרייטען מיט זייערע פייניגער, מיט זייערע פאַרדאָרבער ביז'ן לעצטען אָטעם! און אַלע גיהנום־דיגע האָבען אַצינד אויסגעשריען אויף איין קול: „מיר שווערען, מיר שווערען!" . . האָבען זיי גענומען פיהרען די מאַסען מיט דער פאָהן פלאַטערענדיג פאַר זיי, צום שטרייט.

ווען דער שטן מיט'ן גאַנצען געזינדעל פאַרדאָרבער האָבען דערפון געלערנט האָבען זיי שיעור ניט באַקומען די כאָלעריע . . זיי זיינען אַרויס אַנטקעגען מיט ביקסען, מיט שווערדען, מיט אַלע מינים כלי־זיין! האָבען געשאָסען, געהאַקט מענשליכע קעפּ אַזוי ווי מ'האַקט, מען שאַטקעוועט הייפּטלעך קרויט . . און זיי האָבען אָהן אַ שיעור גיהנום'דיגע פאַרטיליגט. באַזונדער, פון די כאַוויירים, וועלכע זיינען געטראָטען אין פאָראויס, האָבען זיי אַ סך אומגעבראַכט; פילע פון זיי געפּאַקט און לעבעדיג אַריינ־געוואָרפען אין קערקערס פאַרשמוצט און פאַרשטעקט אין די „הרי־חושך" . .

אָבער ניט די מאַסען פונ'ם גיהנום, ניט די כאַוויירים האָט עס איצט אָפּגעשראָקען. וואָס מעהר מ'שטנ'ס משחיתים האָבען פון זיי צושלאָגען, אַלץ גרעסערע צאָלען גהינומ'דיגע האָבען צוגעשטראָמט! אַזוי, נאָך בעסער מיט די כאַוויירים; וויפיל מען האָט זיי ניט אויסגענישטערט, אַלץ זיינען זיי אַראָפּגעקומען און אַראָפּגעקומען! . . און האָבען אויפגעברויזט די מאַסען, וועלכע האָבען געריסען, געפּליקט שטיקער פון די מחבלים! . .

דער שטן מיט זיין געזינדעל, דערהערענדיג אזא מין זאך, ניט צו קריגען א וויסטיגע מפלה, פארשפילען אינגאנצען, האבען זיי געלאזט וויסען די אויפגעברויזטע מאסען, שיקען פארשטייער צו פארהאנדלען אן אויסגלייך . .

ווי נאר די מאסען געפייניגטע האבען עס דערהערט, האט זיי ארומגעכאפט א גרויסע פרייד. א גוואלדיגע גדולה האט אלעמען באנומען! זיי האבען געטאנצט און געהעפקעט אין די גאסען; יעדער איינער האט גערופען מ'צווייטען: כאוער! . . א טערק האט גערופען: כאוער; א טאטער און א רוס האט שוין געזאגט צו א אידען: כאוער! . .

דערווייל האבען די פארשטייער פון מאסען אויסגעפיהרט, אז מען זאל זיי די לאגע פארגרינגערען; מען האט אנגעפאנגען ארבייטען מיט גיהנום'דיגע קורצערע שטונדען, דערלאנגען זיי א גרעסערען ביסען, א גאנצערען בגד, מיט ניט אזוינע צודרייטע שיך . . און זיי האבען אלע גענומען אביסעל פרייער אפ־אטעמען . .

אבער מיט די צופייניגטע אין גיהנום, מיט די אידישע נשמות, האבען די כאווירים, ווערענדיג פאר זיי אויך עפעס אויפ־טאן, זיך אנגעשטויסען אין א שווערערער און גרויסער שטערונג.

וואס איז?

אמאל זיינען זיי געווען אין מצרים . .

ויהי היום, עס האט זיך דארטען געזעצט הערשען א פרעה, א טיראן, איינער פון'ם שטנ'ס געזינדעל! האט ער זיך מיישב געווען און האט זיי פאר שקלאפען געמאכט, וואו מען האט זיי געקאטעוועט טאג און נאכט, ביז גאר אומצובערענגען זיי. האט ער שוין פארטראכט! . . האט דער אויבערשטער, ווערט דער־ציילט, געזעהן זייער פיין און געשיקט משה'ן, זיי ארויסציהען פון דעם פורנעיות; איז דער משה געקומען און האט זיי ארגא־ניזירט און געגאנגען צו דעם פרעה'ן, איהם ארויסגעשטעלט פאדערונגען . .

נו, האט איהם דער פרעה א שטייגער געהערט? א נעכטי־גער טאג! האט ער אנגעהויבען מיט איהם דערפאר א קאמף־

די געשיכטע פונ׳ם קאַמף, וואָס דער משה האָט געפיהרט מיט דעם פּרעה׳ן פאַר די אידען איז זעהר אַ שעהנע און גאָר אַ וואונדערליכע: מ׳האָט נאָך דעמאָלט ניט געוואוסט פון קיין פולווער און פון קיין דינאַמיט; האָט אָבער דער משה זיך באַנוצט מיט אַנדערע כעמישע פאַרמישונגען; מיט אַזוינע כע־מישע פאַרמישונגען, וואָס ווערען באַצייכענט מיט די ראשי־תיבות: דצ״ך, עד״ש, באח״ב . . ער האָט פאַרוואַנדעלט דאָס וואַסער פון גאַנץ מצרים צו בלוט, ער׳ט געמאַכט אָנשפּרינגען זשאַבעס פול און פול, אין די טעפּ, אין די טיש־קעסטלאַך, אַז דער פּרעה מיט זיינע מצרים האָבען אַריינגעשטעקט אַ האַנט אין קעשענע האָבען זיי אָנגעטאַפּט אַ זשאַבע! . . ער האָט, צום ביישפּיל, באַוויזען אַזאַ מין קונץ: ער האָט אַ שאָט געטאָן אַ מין אַש אין דער לופטען און דער פּרעה מיט זיינע מצרים זיינען געוואָרען קרעציג און פאַרכעוואַטע פונ׳ם קאָפּ ביזקעלע אין די פיס . . ער האָט עפּעס אויפגעפירט, אַז עס איז אַראָפּ־געפאַלען אַזאַ מין האָגעל מיט פייער־פלאַקערען אינערווייניג, וועלכער האָט גע׳הרג׳עט אָהן אַ שיעור און מסתמא אויסגע־זעצט אַלע טאַפּליעס און אַ סך מצרים געמאַכט אַ לאָך אין קאָפּ . . ער האָט דעם פּרעה׳ן דערלאַנגט צעהנערליי פּלאגען, איינע ערגער איבערצוטראָגען פון דער אַנדערער, ביז יענער האָט זיך שוין געבעטען ביי איהם, אַז ער לאָזט איהם צו די אידען . .
איז די געשיכטע פאַרשריבען געוואָרען; און פרומע אידען

דערמאַנען עס נאָך אַלע טאָג אין זייערע תפילות צום אויבער־שטען מיט ליוב וואָס ער׳ט זיי אַרויסגעצויגען דורך משה׳ן פון מצרים . . איין מאָל אין יאָהר (אויב איהר ווייסט עס ניט? . .) פייערען זיי אַ יום־טוב צום אָנדענק פון זייער באַפרייאונג פון דעם פּרעה׳ן; זיי מאַכען אַ סעודה, טרינקען כוסות און עסען חרוסת און דערציילען זיך איינס דאָס אַנדער, ווי אַזוי קנעכט זיינען זיי געווען ביי פּרעה׳ן אין מצרים . . מיט אַלע נסים, ווי אַזוי זיי זיינען פון דאָרט באַפרייט געוואָרען און זינגען דערפאַר צום אויבערשטען: „כילו נאה, כילו יאה" . . ליוב־געזאַנגען.

מיט דער באַפרייאונג פון די אידען פון קנעכטשאַפט האָט דער משה איינגעפיהרט אַז שקלאַפען און אַלע זאָלען האָבען איין מאָל אין וואָך שבת, און אַנדערע פאַרבעסערונגען. נו, געפעלט ניט די גאַנצע מעשה מ׳שטן, מיט זיינע מחבלים און אום די געשיכטע פון דער באַפרייאונג פון די אידען זאָל צו די אַלע, וואָס ליגען ביי זיי אין גיהנום ניט אַריין צופיעל אין קאָפּ, וואו זיי זאָלען זיך ניט נעהמען פון איהר אַ ביישפּיעל האָבען זיי געטאָהן אַט־וואָס:

געגאַנגען דער שטן מיט זיין געזונדעל פאַרדאָרבערס און אָנגערעדט רכילות׳ן אויף די אידען; געמאַכט אויף זיי שרעקליכע בלבולים, אַז אפילו די מצה, וואָס זיי עסען דעם יום־טוב צום אָנדענקען פון דער באַפרייאונג, מישען זיי מיט בלוט פון מענשען פון קינדער; קוקען שוין אַלע איבעריקע אויף זיי מיט כעס, מיט פאַרדאַכט די ערשטע פאַרשפּאַרען זיך שוין דערוויילדאגה׳ן, אַז טאָמער וועלען די ליגענדיגע אין גיהנום עפּעס לערנען פון דער געשיכטע, ניט בלויז מיט כעס—זיי באַפאַלען אָפּט אומזיסט און אומנישט די אידען, וואו דער שטן מיט זיינע משחיתים און שמשים פון׳ם גיהנום זיינען זיך שוין גאָר מחיה . .

און מיט די אידען באַזונדער, וואָס האָט ער נאָך געטאָן?

הערט, מעשה־שטן!

## מעשה—שטן!

אזוי ווי זיי האָבען שוין אדורכגעמאַכט אַ באַפרייאונג, אום זיי זאָל אַצינד ביי איהם אין גיהנום ניט פּרואווען נאָך אַמאָל אַזאַ קונץ, האָט ער זיי באַאַרבייט, אַז זיי זאָלען זיך ניט פאַרשטיין איינס דאָס אַנדערע: ביים צונויפרעדען, איידער זיי זאָלען זיך באַנוצען מיט דער אייגענער אויסשפּראַך, האָט ער זיי אונטערגערוקט דאָס הפטורה׳שע לשון מיט אַ תרגום, מיט אַ אמר אביי׳עשע לשונות, מיט וועלכע זיי ברעכען זיך כסדר די צייהן און מאַטערן די לעפצען, ניט קענענדיג דערגעהן, אויף די לשונונת צווישען זיך אַ טאָלק. ווי צום ביישפּיל:

איינער, וואָס האָט זיך געוואַשען צום וואַרעמס, האָט ער דערביי דערזעהן, ווי די קאַץ עסט דאָס אויסגעזאַלצענע פלייש! וועלענדיג עס אין דער גיך לאָזען וויסען, האָט געגומען מיט הפטורה׳שע ווערטער שרייען: נו, אָ, קץ כל בשר! . . —מיט קיין אייגענע האָט ער עס דאָך ניט געטאָרט. אַ צווייטער, זוכענדיג איהם אַביסעל בארוהיגען, אָבער וואָס ער׳ט אויך גע־דאַרפט טאָן מיט אַן הפטורה׳שען אויסדרוק, זאָגט ער איהם: אי קצתי בחיי! . . וואָס האָט, הייסט עס, געזאָלט מיינען, אַז אַ קאַץ דאַרף אויך לעבען. אָבער וואָס איז דער אמת׳דיגער באַדייט דערפון?

אַן אַנדערער ווידער, וועלענדיג זיך אויסדריקען פאַר די איבעריקע מיט הפטורה׳שען לשון: ווי אַ הונט אָהן צייהן, האָט ער עס אַרויסגעבראַכט: כצאן בלי רועה! . .

אזוי איז עס ביים צונויפשמועסען זיך וועגען יעדען ענין. איינער נעמט דרעהען מיט ווערטער פונ׳ם לשון פון דער הפטורה, אַ צווייטער פּרואווט אויסברייען מיט אַ פראַזע פון דער גמרא און אַ דריטער וואָס איז גאָרניט באַהאַוונט אין דיביידע לשונות, קוקט אויף זיי, ווי אַ „האָהן אויף בני אדם" און דער־נאָך טראַכט ער זיך: ווער ווייסט וואָס פאַר אַ פאַרשוינען זיי זיינען? . . דער תכלית איז, אַז זיי פּלאָנטערען זיך שוין אזוי דורות מיט די אַלטע לשונות, באַלעמוטשען מיט׳ן הפטורה׳שען בעלבעטשען מיט׳ן אמר אבייעשען, איינער ווייסט ניט אויף זיכער וואָס דער אַנדערער האָט געמיינט וועגען דער, אָדער יענער אַנגעלעגענהייט. און דער שטן מיט זיינע פאַרדאָרבער זיינען זיך דאָ אָבער מחיה, ווי אזוי די אידעלאך פּלאָנטערען זיך מיט די אַלע לשונות און ליגען זיך דערוויל ביי איהם טיעף אין קוטשעמענט . .

## וואָס די כאַוויירים האָבען געטאָן:

די כאַוויירים, באַטראַכטענדיג אָט די מעשה שטן, האָבען זיי אַ מאַך געטאָן אויף דעם הפטורה׳שען, גמרא׳שען און תנו־רבנג׳שען לשון און גענומען האַלטען פאַר זיי רעדעס מיט די ווערטער, וועלכע זיי האָבען שוין געהערט ביי דער מאַמע׳ס

ברוסט. אויך האָבען זיי אויף די אייגענע ווערטער געטאָן פאַרשפּרייטען צווישען זיי בלעטער און ביכער און די געפּיי־ניגטע אידען האָבען געעפענט די אויגען און זיך אָנגעהויבען אַרומקוקען.

אפילו דער שמחה, וואו שוין אַרבייטענדיג, ווען ער האָט א ספר מיט די פריהער איבערגעציילטע לשנות כמעט אין האַנט ניט גענומען, פונ׳ם סידור אין שוהל, ביים דאווענען, פלעג ער לפנים ווענען מארקען . . אריינגעקוקט און געזאָגט די ווער־טער האָט ער ניט. אָבער, דערזעהענדיג אָפען א ביכעל מיט זיינע אייגענע ווערטער, א אידיש ביכעל ה. ע., איז עס איהם פאַרגעקומען ווי א קינד—דער מאַמע׳ס ציצקע! . .

און עס האָט זיך איינגעגעבען די כאוויירים צו אָרגאַניזירען די צופּייניגטע אידען אין גהינום באַגלייך מיט אַלע אנדערע; אויך אויסצוקעמפען פאַר זיי א קורצערען ארבייטסטאָג: א גרע־סערען ביסען, מיט א לייטישערען מלבוש, און זיי, די אידען, זיינען איבערגעפילט געוועזן צו די כאוויירים מיט דאַנק און מיט ליעבשאַפט און מיט נייגער אויפגענומען יעדעס וואָרט אין בוך! די ווערטער, זייערע, אייגענע ווערטער, מיט וועלכע די כאוויירים האָבען זיך געווענדעט צו זיי, האָבען אצינד געשאלט פאַר זיי מיט טענער פון באפרייאונג, גערופען זיי איבעראַניים צום „בארג־סיני", וואו זיי האָבען זיי אויף זייערע אייגענע ווערטער, דערלאַנגט נאָך פאַרבעסערטע ליחות . .

מיט די רעדעס, מיט די ביכער האָבען די כאוויירים זיי גע־מאַכט באוואוסטזיניג.

דער שמחה האָט שוין ביי דער צייט געהאַט דערגרייכט צו זיין פולער גרויס און זיך שוין אויסגעפאָרעמט מיט זיין גאַנצען געשטעל! . .

אום די מאַסען צופּייניגטע זאָלען זיך קענען ארויסרייסען פונ׳ם גיהנום, האָבען די כאוויירים זיי גערופען, זיי זאָלען אויפ־הערען צו גלויבען אין די רכילות׳ן, וואָס מ׳שטנ׳ם פארדאָרבער אוזשגען זיי אונטער איינס אויף ס׳אַנדערע, נייערט זאָלען זיי זיך האַלטען ברודערליך און זיין כאוויירים! . .

און דער שמחה האָט אין דעם „גן־עדן אוקראַכטען", וואו ער איז אריינגעלאָזען געוואָרען, וועלכער איז פאַרוואַנדעלט געוועזן פאַר איהם אין גיהנום, גענומען שטעלען זיכערע טריט, שוין ניט אזוי מורא האָבענדיג, ווי פריהער אוועקצושפּרייזען ווייטער פון זיין טיהר. וואָס איז? טאָמער וועלען איהם באַפאַלען אויפגערייצטע גזאים. און מיט אַ פאַרלייכטערען געפיהל האָט ער גענומען באַקוקען זיינע וואונדער.

אין שעהנע, זוניגע טעג, האָט ער פונקט, ווי אדם, דער ערשטער, געשפּאצירט צווישען זיינע בוימער, געזעסען אין שאָטען פון איינער, וואו ער האָט שוין אָבער דערביי אריינגעקוקט אין אַ בוך, אין אַ אידישען בוך, וואָס האָט איהם אויפגעקלערט פון פילע זאַכען און אומשטענדען אַרום איהם. די אידישע ביכער האָבען איהם אויך געלערנט מאַניערען און ער'ט זיך אָנגעפאַנגען באַנעהמען איידעל און זיך האַלטען מיט טאַקט. און די צוויי מלאכים, אַדורך וועלכע ער איז אָפּגעמייסטערט געוואָרען, און וואָס האָבען די גאַנצע צייט אויף איהם אויפגעפּאַסט, כאַפּענדיג אַצינד אַ קוק אויף זייער שטיקעל אַרבייט, זיינען ביי זיך ניט געבליבען אַראָפּגעפאַלען! און מיט האַפּעריגע געפיהלען האָבען זיי געבראַכט דעם חשבון פון איהם צום אויבערשטען . . .

און דאַן איז פאָרגעגאַנגען פאַר איהם די אַלט־נייע געשיכטע, וואָס האָט איהם פונקט, ווי אדם, דעם ערשטען, פאַרטריבען פון זיין גן־עדן, פון „גן־עדן אוקראַכטען" הייסט עס. געוועזן איז די מעשה, וואָס דעם אויבערשטענ'ס מיינונג איז שוין דאַן איבער איהם אַרויס, אַז עס איז שוין ניט גוט פאַר איהם, ער זאָל פאַרברייגגען ווייטער אַליין, נאָר אַז ער זאָל האָבען אַ „איינער אַנטקעגען זיך" . . און צו באַגליקען איהם מיט אַ זעלכער, האָט מען איהם שוין ניט געדאַרפט, לויט נייע טערמינען געוועדט, אייננעבען אנעסטעטיק, אָפּערירען, אַרויסבאַקומען פון איהם אַ טייל און מאַכען איהם אַזוינע.

עס האָבען זיך שוין געפונען אַרום איהם געגוג פיקס און פאַרטיגע. — טעכטער פון דער חוה'ן, וואָס דער אויבערשטער האָט אויף אַזאַ שטייגער באַשאַפען פאַר אדם'ען, ווען ער'ט

באטראכט, אז זי וועט זיין גוט פאר איהם! טעכטער, מיט אלערליי קאלירען, געשטעלען און צורות. . .

ארויסגעקומען איז ער, אפילו, ביי די צוויי מלאכים, א געלער, ווי דער מלאך־טאט. . ער'ט אבער ניט אויסגעקוקט קיין מיאוס'ער און א פעסטער און ער איז געווען געפעלען מיידלאך פון זיין אייגענער גאס, וואו געוויסע האבען איהם געזובט אין זיי זיך צו פאראינטערעסירען. און עס וועט זיך אריינפאסען צו דערצעהלען, ווי אזוי איין מאל, ווען ער איז געזעסען אויפ'ן גראז אונטער'ן שאטען פון א בוים, אין דעם „גן־עדן—אוק־ראכטען. . . נאר דערביי געלייענט א בוך, א אידישען בוך, האט איהם איינע, וועלענדיג איהם אויף איהר אנטראקטען, דערלאנגט א זארע, אזא פיינער עפעל פון די בוימער, פונ'ם „גן־אוקראכטען" . .

אבער דער שמחה, גראדע, האט זיך ארויסגעצייגט גלייכ־גילטיגער פון אדמ'ען, דעם ערשטען, צו א וועלכע עס ניט איז מיידעל. ער פלעג זיי גאר אויסמיידען. טאמער האט זיך איינע באוויזען אין זיינע „פיער אוילען" און גערעדט צו איהם אווארט פלעג ער זיך נעהמען מיט'ן בוך, וואס ער'ט צומעהנסטען געהאלטען אין אפטראגען.

און די סיבה וואס ער האט זיך געוויזען אזוי גלייכגילטיג צו א מיידעל איז פאלגענדע:

ביי איהם אליין אין שטוב לויט ווי ער'ט פון זיך דערצעהלט האבען זיך געפונען דריי מיידלאך, זיינע אייגענע שוועסטער, איז מיט דעם אופן ווי זיי האבען זיך אויפגעפיהרט, האבען זיי איהם פארנמאסט דעם מיידעלשען מין . .

די עלטערע פון זיי איז געווען ווי איהר טאטע, א געלע מיט ווי א צונעלייגטע נאז, מיט ברילען און אויך א כעסנ'טע; די צווייטע—נאר אביסעל געל און א סטולעוואטע, מיט ניט קיין פערעלדיגע צייהן; די דריטע האט שוין אפילו געהאט א חנעווו־דיגען געשטעל, האט זי אבער פארמאגט אזוינע גרויסע קלייען, ווי געלע פליאמעס און מיט קאסאקע אויגען. . פלעגט ער הערען, ווי זיי האבען זיך כסדר געהאלטען אין דערצעהלען פון קאוואליערען . . די עלטסטע פלעג זיך דערביי באריהמען, ווי

אזוי דער און דער בחור האָט ניט אָפּגעקעהרט פון איהר די אויגען; וואָס די איבעריקע צוויי האָבען עס ניט געקאָנט צו־נעהמען פון איהר, אזא באַריהמעריי, מיט קיין גוטע געפיהלען, אַז לסוף האָט אַלע מאָל אויסגעבראָכען צווישען זיי אַ קריגעריי, וואו איינע האָט אריינגעזאָגט דער צווייטער מ'גאַנצען אמת.. פלעג עס איהם ניט געפעלען . .

ווייטער, פלעגט ער זעהן כמעט יעדען פריהמאָרגען ביים אויפשטעהן, ווי זיי האָבען אויסגעקוקט; זיי פלעגען דאַן אויס־שיינען, חוץ געל—טונקעל־גרין און פויפעליאַטע . . דערביי זיינען זיי אַ סך מאָל געווען מיט ווייסע בענדעלאַך אויף די קעפּ, מיט וועלכע זיי פלעגען פאַרבונדען בינטלאַך האָר, צו מאַכען זיך גרייזעלאַך, גרויזען . . און אויך דערנאָך, וואו זיי האָבען זיך גענומען אָנטאָן, ווי זיי פלעגען זיך אויסבעטען די טאַליעס. אמאָל האָט ער נאָך דערביי באַמערקט ביי זיי אַנדערע סמנים, איז עס איהם שוין מעהר ווי ניט געפעלען . . און ער פלעג זאָגען דער מאַמען, פאַר'ן גאַנצען שטוב, אַז ער האָט פיינט מיידלאַך, אַז ער וועט מיט קיין איינער פון זיי קיין מאָל ניט חתונה האָבען! — מיט קיין שום מיידעל ניט, איין מאָל, ניין!

דער שטן און זיינע פאַרדאָרבער האָבען געגליכענט, אַז די אריינגעפאַלענע אין גיהנום זאָלען ניט האָבען קיין שכל, זאָלען ניט זיין געלערנט, נאָר פּראָסט און פאַרטאַמט . . זעלטען ווען עמיצער פון די אריינגעפאַלענע האָט אפילו געקענט לייענען, געוואוסט ווי צו שרייבען. די שמשים פונ'ם גיהנום פלעגען זיי האַלטען אין איין דערצעהלען אַזוינע פאַנטאַסטישע שרעקענדיגע געשיכטעס, וועלכע פלעגען שוין אַוועקהרג'ענען ביי זיי יעדען געדאַנק! . . האָבען זיך געפונען אַזוינע פון די אראָפּגעקומענע כאַווירים, וועלכע האָבען געהאַלטען פאַר וויכטיג, פאַרשפּרייטען צווישען די געפּייניגטע בילדונג און וויסען.

האָט זיך דער שמחה באַגעגענט מיט אַזאַ כאַווער, און ער האָט זיך אין זיינע פרייע שטונדען ביי איהם גענומען לערנען, און ניט אַבי האָט איהם יענער געוויזען ווי צו לעזען און שריי־

בען, נאָר ער'ט אויך שטודירט מיט איהם די שפּראַך מיט דער גראַמאַטיקע און חשבון מיט מאַטעמאַטיקע . .

צום לערנען אין חדר, האָט ער געהאַט ניט אַזאַ חשק; די ווערטער פון דעם הפטורה'שען לשון, פונ'ם „אמר אביי'עשען" האָבען איהם אָפּגעקלינגען, ווי אַ ווידערקול פון ווייטע, פאַר־הוילענע צייטען; אָבער דאָס, וואָס ער האָט אַצינד געלערנט, איז איהם פאָרגעקומען, ווי אַ פרישער קוואַל צו אַ שפּאַנענדיגען און אַ זאַמדיג־ברענענדיגער מדבר! „מיט יעדען זופּ, וואָס ער'ט געטאָן, איז געוואָרען ליכטיגער אין די אויגען": און ער האָט מעהר ניט געוואָלט פון איהם אָפּטרעטען; אָדער ער איז געזעסען איבער אַ בוך, אָדער ער'ט געשריבען. און אַ דאַנק די כּאַווײרים איז ער געוואָרען אַ גאַנצער אינטעליגענט, וואו מען האָט איהם כסדר באַגעגענט מיט ביכער אונטער'ן אָרעם און ער האָט טאַקע באַקומען אַן איידעלערן אויסקוק.

פאַרנעמען זיך מיט מיידלאַך האָט ער טאַקע ניט געוואָלט; ער'ט געהאַלטען, אַז עס איז נאָר אַ געשעפּט פאַר טיפּשים און פאַרגרעבטע, און ער האָט אפילו קיין רעכטען קוק ניט געטאָן אויף קיין איינער פון זיי . .

זיינע אַ מימע, דער מאַמע'ס אַ שוועסטער, איז געבענשט געוועזן מיט צוויי מיידלאַך, אין זיינע יאָהרען; איז זי געקומען מיט ביידע צוגאַסט . . זיי האָבען דוקא פאַרמאָגט שוואַרצע האָר, מיט שוואַרצע, קיילעכדיגע, טיפע אויגען, אָבער, אויך מיט אייניגע, שוואַרצע פּיפּקעס אויף זייערע צורות; איז, ווי נאָר ער האָט זיי דערזעהן, איז איהם געוואָרען פינסטער אין די אויגען, אַז ער'ז אַוועק פונ'ם שטוב און ער האָט זיך ניט געוויזען די גאַנצע צייט, וואָס זי איז דאָרטען מיט זיי געוועזן . .

דעם טאַטען זיינעם האָט עס גראָדע, דער מאַמע'ן אויף צו־להכעית, הנאה געטאָן . . און עס האָט זיך איהם איבער דעם געשמייכעלט . .

עס האָבען זיך ביי איהם אין שטוב באַוויזען שדכנים, וואו מען האָט איהם פאָרגעשלאָגען אַ שידוך מיט איינער, אפילו ניט פון אַזאַ געהויבענעם יחוס, אָבער געוועזן אַ שטאַלטנע, און וועלכער איז נאָך „געלעגען אין אַ שמאַליץ־גרוב,. אָבער ער'ט

אַפילו ניט געוואָלט הערען און האָט אויסגעמיטען, ווען זי, אליין, איז פאַרבייגעגאַנגען איהם אָנקוקען . .

אָבער, אַז דעם אויבערשטענס מיינונג איז שוין פאָרט געווען, אַז עס איז מעהר ניט גוט פאַר איהם צו פאַרברייגגען אליין, נאָר, אַז ער באַדאַרף שוין איינער אַנטקעגען זיך, און דאָ, וואו ער האָט זיך אַזוי פאַר'עקשנ'ט, האָט ער איהם געוויזען, אַז אַנטקעגען איהם מיט זיין מיינונג קען קיינער ניט זיין קיין חכם און ניט פראַווען קיין קונצען! און ער האָט געמאַכט, אַז ניט בלויז זאָל ער אַריינפאַלען מיט דער שטאַלטנער, מיט דער פון דעם „שמאַלץ־גרוב", נאָר אַז ער איז געשטראַכעלט געוואָרען דורך איינער, גאָר אַן אָרעמער, וועלכע האָט אַפילו פאַרמאָגט אַ ליבען, אַ צערטליכען אויסקוק, אָבער זי איז געווען אַ דאַרע שוואַנדיע, מיט אַ גרינעם קאָליר, אָהן אַ שום פאַרב, אָהן אַ שום רויטקייט אין איהרע באַקען! . .

און אַדורכגעפירט האָט זיך דאָ מיט איהם אַזוי די געשיכטע:

## א נייער מין סאָרט עפּעל פונ'ם „עץ הדעת"!

אין אַ הויז, וואָס איז תמיד געשטאַנען פון דער אַנדערער זייט גאַס, אַנטקעגען זיין שטוב, האָט געוואוינט גאָר אַן אָרעמע, דערשלאָגענע און וויסטיגע אלמנה; מען האָט איהר גערופען: פעסע, חנא'כעס. דער מאַן איהרער, וואָס האָט געהייסען חנא, האָבען אַ סך געדענקט, ווי אַזוי ער האָט אויסגעקוקט: אַ לאַנגער, אַ שטילער, האָט זיך אין אַ ווינטער, נאָך דעם ווי ער'ז אָפּגעלעגען איינינגע וואָכען מיט אַ טיפוס, מיישב געווען מעהר ניט צו לעבען און האָט איהר איבערגעלאָזט מיט דריי קינדער, מיט אַ מיידעל און מיט צוויי אינגלאַך, מיט דריי יתומים, נעבעך!

די אלמנה האָט זיך דערנאָך זעהר געמוטשעט פאַר'ן שטיקעל ברויט: זי האָט געקנאָטען דויזשעס, געוואַשען גרעט און דילען, און דערביי פלעגען נאָך גוט־האַרציגע פאַר איהר דאַרפען צונויפקלייבען יעדען פרייטאָג שטיקלאַך חלה. און די דריי קינדער וואָס זיינען ביי איהר געוואַקסען, גראַדע אויך לאַנגע, ווי דער חנא, איהרער, עליו השלום, האָבען פון די שפּייזען, וואָס זי

האָט זיי געקאָרמעט, אויסגעזעהן, ווי הויכע און שמאָלע, היל־שענע ברעטלאך מיט דרענגלאך . .

ווען דאָס מיידעל איז נאָך ניט אַלט געווען קיין ניין יאָהר, האָט זיך אין דער שטאָדט געעפנט אַ פאַבריקע פון טוטין; האָט זיך די אלמנה איינגעבעטען מען זאָל איהר מיידעל צו־נעהמען. וואָס האָט זי דאָרטען געטאָן? מען האָט זי אַוועקגע־זעצט וויקלען ציגייערען, פאַפּיראָסען. מען האָט איהר געהאַלטען דערביי יעדען טאָג זעכצען, זיבעצען שעה, מען האָט איהר געצאָלט דערפאַר אַ „פערציגער" אַ וואָך.

פאַר עפּעס עסען, פלעגט זי מיטבריינגען אַ שטיקעל־ברויט, אַמאָל מיט אַדורכגעפוילטען עפּעל, אָדער באַר, וואָס זיינען שוין געווען ביטער. איז זי געוואָרען נאָך דאַרער, נאָך גרינער, און דער רויך פונ'ם טוטין האָט זיך איהר געלייגט אויפ'ן האַר־צען, און זי האָט שוין דערביי אָנגעהויבען הוסטען און אויס־קוקען געל, און האָט שוין אויך גענומען כראַקען . . און ווער ווייסט וואָס ס'וואָלט פון איהר געוואָרען, טאָג איין, טאָג אויס, אַזוי וויקלענדיג פאַר'ן פערציגער אַ וואָך די ציגייערען? מען וואָלט איהר אַליין פּיליכט אויך אין גיכען געווען איינגעוויקעלט און אַפּילו ניט אַריינגעלייגט אין קיין פידעלע, נאָר, אויף אַ פּאָר ברעטלאך פאַרטאַסקעט אַהינצו, אין אַ קבר, וואו דער טאַטע איהרער, איז שוין געלעגען . .

אָבער פּונקט דעמאָלט זיינען אַהינצו אַראָפּגעקומען די כאַוויירים! . . און די כאַוויירים האָבען עס דערזעהן און האָבען אָרגאַניזירט אַלעמען פון דער טוטין־פאַבריקע, געמאַכט אַ סטרייק, אויסגעפיהרט מען זאָל דאָרט אַרבייטען ווינציגער און צאָהלען בעסער. זיי האָבען דאָס געטאָן: אַזוי, איין מאָל און צוויי מאָל און אַ דריטען מאָל: ביז מען האָט שוין איהר אַליין אויך געצאָלט פאַר דער וואָך, אויפ'ן אָרט פון איינעם, עטליכע „פערציגער", וועלכע האָבען שוין געקענט מאַכען זיבען „פער־טעלאך" . . און די מאַמע איהרע, האָט שוין, אַזוי אַרומער געהאַט צו קויפען אַ קוואָרט מילך, און באַשמירען איהר דאָס ברויט מיט אַ שטיקעל־פּוטער, מיט אַביסעל שמאַלץ, וואו אויך דערביוועט פאַר איהר אַ נייער קליידעל . .

און נאָך וואָס:

איהר מאַמע האָט איהר אפילו ניט געשיקט אין חדר אריין, און זי האָט אפילו ניט געוואוסט ס'פּנים פון אַן אלף און די צורה פון אַ בית. האָט איינער, אַ כּאַוועך, צונויפגעקליבען אַזוינע, עטליכע, מיט איהר אויך, און האָט זיי גענומען לערנען לייענען, שרייבען און אויך אַביסעל רעכענען, אַריפמעטיק ה. ע.

מילא, שרייבען, האָט זי ניט געהאַט צו וועמען און חשבונ־ען—וואָס, אָבער לייענען?

אין אָנפאַנג—אַ ביכעל, און נאָך אַ ביכעל, ביז זי האָט שוין געלייענט פאַר איהר מאַמען, פאַר דער באָבען, פאַר איהר עלטער־עלטער־באָבען. שפּעט ביינאַכט, אויפ'ן געלעגער, שבת און יום־טוב, האָבען זיך איהרע אויגען ניט אויפגעהערט צו באַוועגען אַהין און אַהער איבער בלעטער פון אַ בוך.

ויהי היום, איז עס געשעהן איין מאָל אין אַ שבת אין דער פריה, ווי זי האָט ניט געקראָגען וואָס צו לעזען. איז זי גע־זעסען אַ פאַרטרויערטע און האָט אַזוי אַרויסגעקוקט דורכ'ן פענסטער.

דערווייל דערזעהט זי, ווי דער שמחה שפּאַנט פאַרביי מיט ביכער אונטער'ן אָרעם! האָט איהר באַגליקט אַ געדאַנק, אַריינ־געהן צו איהם ער זאָל איהר לייען! . . דאָס איז איהר אָבער באַלד פאָרגעקומען עפּעס פאַר ניט שעהן; ווארום כאָטש, וואָס זייערע הייזער האָבען זיך תמיד געפונען: איינס אַנטקעגען אַריבער דאָס אנדערע, איז זי נאָך קיינמאָל ביי איהם אין שטוב ניט געוועזן, — אַצינדערטאָ זיך אַריינשטעלען, ט'מען נאָך פּילייכט מיינען עפּעס אַנדערש? . .

אָבער דער דראַנג, ס'גלוסטעניש פאַר אַ בוך איז ביי איהר געוועזן זעהר שטאַרק און זי האָט ניט אויסגעהאַלטען דעם נסיון!

זי האָט טאַקע אויסגעזעהן פאַרשעהמט, ערשיינענדיג דאָרט. און מיט ווערטער, געציילטע, קוים וואָס מען האָט זיי פון איהר געהערט, האָט זי זיך געווענדעט צו איהם, און דערביי איהם שוין גאָר געהירצט . . צו האָט ער ניט פאַר איהר עפּעס צום לייענען.

און דאס בעטען פון איהר ביי איהם אזוי צו לייען איהר א בוך, איז געווען דער עפעל פונ׳ם „עץ הדעת", וואס זי האט איהם דערלאנגט . . זי האט דאן א שיין געטאן פאר איהם עפעס גאר אנדערש פון די איבעריקע מיידלאך; זי האט זיך דעמאלט געמינערט פאר איהם מיט א מילדע איינפאכקייט, מיט א נשמה׳דיגע גוט־הארציגקייט, אן ענליכע צו זיין מאמע׳ס, בעת זי פלעגט לייענען אויפ׳ן הויכען קול מיט׳ן וויינען און וויינענדיגען טאן פונ׳ם טייטש־חומש . . און זי האט זיך גענומען פארשטעלען פאר זיינע אויגען און וועקען אין איהם א גלוסטונג א קוק צו טאן אויף איהר נאך אמאל . .

און עס האט ניט גענומען קיין חודש, אפילו ניט קיין וואך, ביז זי האט איהם דעם בוך אפגעבראכט. און געווען איז זי דאן אנגעטאן פראסט. דאס ניט־אויסגעפילטע פנים ביי איהר, ניט פארפודערט, ניט פארפארבט; נאר, איבערגעבענדיג איהם דעם בוך, ווען זי האט איהם שעמליש מיט אזא צערטליכען טאן געזאגט, אז זי דאנקט איהם, האבען זיך זייערע בליקען באגעגענט; דאן?—דאן האט פאסירט, וואס אויב קיין אנדערע, מיט א סך א שעהנערען געשטעל און פון א פיעל בעסערען באשטאנד, האט איהם גארניט געקאנט פאראינטערעסירען, האט זי איהם אריינגעקראגען, בלויז מיט דער הילף פון א „פרוכט" פון דעם „בוים פון ווימען", וואס האט אבער דא געהאט א אידישען טעם! . .

און ניט גלאט אזוי—אריינגעקראגען; ער איז פארליעבט געווארען אין איהר איבער די אויערען! ער האט איהר אבער דערפאר אנגעטאן גרויסע צרות און איהר פארשאפט א סך פיין! . .

נאר ניט טראכטענדיג פאראויס, יעדענפאלס ניט אזוי גיך פארבינדען זיך מיט וועלכער סע ניט איז מיידעל, האט ער זיך געראנגעלט מיט דער ליבע, וועלכע האט איהם איצט באצווינגען צו איהר. ער פלעג זיך אלע מאל פרואווען אפהאלטען טעג, אפילו א וואך פון צו טרעפען זיך מיט איהר. און זי? — איז דאך קיין פראגע ניט, וואס אלס אזא ארעמע מיידעל, האט זי זיך ניט געברעקעלט, נאר זי איז איהם אנטקעגען געקומען אין

דער ליבע מיט לייב און מיט לעבען, פלעג יעדענס מאָל, ווען ער'ט זיך אזוי גיך ניט באַוויזען, ביי זיך ווערען דערשלאָגען, אַז זי איז ממש איינגעגאַנגען . . ער פלעגט אָבער, ענדליך, אַריינפאַלען צו איהר אַן אויסגעבענקטער און ניט אויפהערען איהר דעמאָלט צו קושען . .

דער פאָטער זיינער, זייענדיג זיכער, אַז אַ חתן וועט ער ווערען פאַר עפּעס אַ פאַרנעהמער, מיט נדן און פאַר אַ שטאָלט־נער, איז ווען ער האָט געלערנט, אַז ער האָט גאָר גענומען אַרומגעהן מיט דער לאה'ן, לאָמיר זי אָנרופען, דער פּעסע חנא־כעס, דער אלמנה'ס, האָט זיך געצייגט דערמיט אומצופרידען. און האָט איהם אויסגעטיילט דיבורים. הלמאי האָט ער זיך גאָר מיט אַזוינס פאַרפיהרט. אָבער נאָך ערגער זיינען איהם דערגאַנגען מיט איהר די יאָהרען זיינע דריי שוועסטער: זיי פלעגען פון איהר פאַר איהם אָפּחוזק'ען, איהר איבערקרומען מיט איהר געשטעל, ווי זי געהט און ווי זי רעדט . .

די כאַוויירים, די אָראָפּגעקומענע, האָבען געלערנט צו די ליגענדיגע אין גיהנום, אַז ביים פאַרליבען זיך, ווען איינער געפינט זיך אין אַן ערגערער לאַגע, זאָל זיך דער צווייטער, אָדער די צווייטע, דערמיט ניט רעכענען; ווייל, דאָס, האָבען זיי באַ־וויזען, רופט אַרויס האַס און אומצוטרוי פון איינס צום אַנדערן, וואָס דער שטן איז עס גערען, נאָר מען זאָל זיך, פאַרקעהרט, מיטפיהלען, וועט מען זיך ניט בלויז זיין געליבטע, נאָר מען וועט זיך אויך דערוועבען אַ חבר און אַ פריינט אין לעבען . .

## אַן אנדער מעשה־שטן!

עס פאַרגינט ניט דער שטן צו די אַריינגעפאַלענע צו איהם אין גיהנום ס'ביסעלע חיות, וואָס זיי געניסען פון דער ליבע, מאַכט ער עס, אַז זיי זאָלען דאָס אויסקריינקען, ער באַאַרבייט זיי, אַז פאַר דער קורצער הנאה, וואָס זיי קריגען אַרויס פון דער ליבע, זאָלען זיי זיך אויפעסען לעבעדיגערהייט און אַרומגעהן כסדר מיט אויסגעקייטע לעבער, מיט ווייטאָגען אין הארצען . .

ווי אַזוי טוט ער עס אָפּעט? — הערט־זשע, מעשה־שטן!

עס ווערען ביי איהם די אריינגעפאלענע ניט פארנאנדער־געשפרייט אין איין שיכט; פאראויס זעהט זיך אן אויבערשטער, דערנאך: איינס, נידעריגער פונ'ם אנדערן—מיטעלסטע, ביז ענדליך, א לעצטען, וואס איז שוין ביי איהם ארונטערגערוקט „ניין איילען, אונטען" . .

די, פונ'ם אויבערשטען שיכט, קוקען אויס פונ'ם פייער פונ'ם גיהנום פארברוינט, פארפלאמט, אזש מיט א גלאנץ. אבער, אז מען איז זיי בעסער חוקר ודורש, ציינגט מען זיך איבער, אז זיי האבען אין זיך ניט קיין שום גוטסקייט, אז זיי זיינען בלויז שקארקע . .

די, פון די מיטעלסטע, בליאסקען שוין ניט אזוי, דערפאר אבער זיינען זיי ווייך, און פארמאגען אין זיך מעהר אדער וויינינגער זאפט און געשמאק . . ווידער די, פונ'ם לעצטען, וואס געפינען זיך שוין ביי איהם אויסגעשפרייט „ניין אוילען, אונטער, האבען שוין גאר א צרה'דיגען אויסזעהן און טעם . .

אלעמען איז וואויל אין גיהנום, אבער, וואס פאר א רייהע נידעריקער מען געפינט זיך, אלץ ערגער איז מען אפעט . . מען ווערט געקוועטשט פון די אויבערשטע . . און אראפ איז מען נעהענטער צום פייער . .

וועה און ווינד איז צו די פונ'ם לעצטען! זיי ווערען פון אלע העכערע געדרוקט און זיינען צוגעשטעלט גלייך צום פייער! . . און דאס פייער, אהן שום רחמנות, פרעגעלט אויס פון זיי ס'גאנצע פעטס . . און זיי זיינען איינגעברענט, איינגעטרו־קענט, איינגעסאכויעט, און א סך זיינען פארסמאלעט, פאר־שרפ'עט און זיי קוקען אויס, ווי האלעוועשקעס . .

יעדען, אין גיהנום, פארשטעהט זיך, ווילט זיין אין די העכערע, און מען פרואווט זיך אפילו, אייניגע, אריבערקאטשען. מען דארף אבער פאר אזא מין זאך צו דערגרייכען זיין שטאר־קער פון שמשון, הגבור'ן און קלוגער פון שלמה המלך'ן . . פארקערט, זוכען זיי כסדר עמיצען אראפשטופען—וואס אין דער רייהע איז זיי גרעמער, אלץ פיהלען זיי זיך באקוועמער.

ביי דער ליבע טרעפט אפט, ווי ווער פון א הויכערען שיכט ווארפט אן אויג אויף ווער פון א נידעריגערען. פונ'ם

לעצטען, שטרעקען זיי גלייך אויס די הענט צום פון דער הויך, מיינענדיג, אז ער'ט אריבערנעמען צו זיך . . די אויבערשטע באקומען אבער „קאלטע פיס", זיי פאנגען זיך אן ברעקלען און קוויינקלען אנטקעגען די אונטערשטע און כאפען זיך ניט אזוי שנעל מיט אזא פרעהליך האַרץ פאר זיי: זיי פאכטען זיך, אז איידער ס'ווערט זיך זיי איינגעבען די אריבערברייננגען צו זיך, זאלען זיי יענע בעסער ניט אראפשלעפען אין דער נידעריגערער רייהע, צו זיי . .

די געשיכטעס פון אזוינע פאסירונגען זיינען העכסט אינטערעסאנטע און אָטעם־פארכאפענדע. אמאל ענדיגען זיי זיך מיט א גוטען סוף, אבער צומעהרסטענס מיט א טרויעריגען, מיט א טראגעדיע.

„די ליבע איז אזוי ווי א מאגנעט", זאגט מען. „זי ציהט די פארליבטע איינס צו דאס אנדערע, אזוי ווי מיט אייזערנע צוואנגען," אז זיי קענען זיך שוין באזונדער קיין אָרט ניט געפונען; און וויפיעל איינער פון דער הויך זאל זיך אין דער ליבע ניט ברעקלען און קוויינקלען אנטקעגען אונטערשטע, קענען זיי דאך ניט באשטעהן דעם מאגנעט און זיי נעהמען פאָרט אן פאר די לעצטע און פרואווען זיי ארויסהויבען.

זיי שלעפען, זיי ציהען זיי; אָט, שוועבען שוין די פון דער נידעריק אין דער לופטען, און טראכטען שוין ביי זיך פאנטאזיעס, ווי אזוי אָט, וועלען זיי זיך געפינען צווישען די הויכערע, וואו עס וועט זיי זיין וואוילער—ס'וועט זיי זיין בעסער . .

מיט אמאל, צו ניט אמאל, פארלירען אבער די, וואָס פון אויבען, די כחות—זיי ווערען מיעד פונ'ם ציהען צו זיך די אונטערשטע, דערביי אויך, באמערקענדיג נאך ווי באלד—אליין ארויס פון זייער העכערער רייהע, וואו זיי דערשרעקען זיך שוין אוודאי, און גיבען א לאָז אָפּעט . .

די שוין שוועבענדיגע, די הענגענדיגע אין דער לופטען מיט זייערע פאנטאזיעס, ווי אזוי אָט, וועלען זיי זיך געפינען אין א העכערען שיכט, געבען דאן א טעלעבענץ אראָפּ, גלייך אויפ'ן פייער ארויף . . און זונקען איין טיעף אין די פלאמען

פונ'ם גיהנום . . וואו זיי ווערען אין איין שמיי דריי פאר־וואנדעלט נישט מעהר ווי אין א שטיקעל קויל! . .

„די ליבע איז אבער א שטארקער מאגנעט", די פארבליבענע אליין בענקען נאך זייער געליבטע און האבען חרטה און קייען זיך אויף לעבעדיג, הלמאי זיי האבען עס געטאן; אז מאנכע מאל שפרינגען איניגע אליין אויבעט נאך . .

אזוי ווערען באארבייט די ארייגעפאלענע אין גיהנום מיט דער ליבע! . . אויפ'ן ארט פונ'ם ביסעל חיות, פונ'ם שטיקעל הנאה, וואס זיי וואלטען געקענט געניסען פון איהר, קריגען זיי ארייין „מכות־בחורות" . .

אפילו צווישען אלציינע מיט'ן שיכט געהט אויך ניט צו בעסער. ווייל ניט אומעטום אין דעם אייגענעם פאך דערלאנגט זיך די היץ—גלייך; אויף איין ארט איז קיהלער, אויף אן אנדערן, שמעלצט מען זיך . . פאסירט ביי זיי אין דער ליבע די זעלביגע געשיכטע . .

די באווירים האבען דעריבער גע'עצה'ט די גהינומ'דיגע, אז ביים פארליבען, ווען ווער פון די צוויי קומט פון א נידע־ריקערען פאך, געפינט זיך, הייסט עס, אין אן ערגערער לאגע, זאל עס דער אנדערער, אדער די אנדערע ניט נעמען אין אכט, ווייל דאס אויסלייגען זיי אזוי אין פאכען, האבען זיי גע'טענה'ט איז מעשה־שטן. זיין וואונטש איז, עס זאל עקזיסטירען אין גיהנום אונטערשיעדען, וואו יעדער איינער זאל מורא האבען פאר ארויסגעשטייטען אדער אראפגעשלעפט ווערען פון אנדערע פון זיין בעסערער פאזיציע, אויב ער געפינט זיך אויף אזעלכער, און ער זאל קוקען אויף אלע איבעריקע אין גיהנום מיט פאר־דאכט און מיט אומצוטרוי און זאל זיך אפגרעניצען פון אלע אנדערע; אליין, און דאן זאלען שוין די מחבלים מיט די שמשים פונ'ם גיהנום טאן מיט איהם וואס זיי געפעלט! . . פארקערט, האבען די באווירים גערופען אלעמען, זיי זאלען איינשליסען די הענט אין א שטארקען בונד, מען זאל זיך מיט ליעבשאפט און מיט געטריישאפט פעסט צוהאלטען, און זיך ניט אפלאזען! ניין! ביז זיי וועלען איינגאנבען פטור ווערען פונ'ם גיהנום, פטור ווערען! . .

## אַרויס פון „גן־עדן אוקראַכטען"

דער שמחה איז שוין געווען אַ סך באַוואוסטזיניג פון דעם אַלץ פאַרגעבראַכטען. ער האָט שוין געלייענט אין די ביכער פילע באַשרייבונגען, ווי אַזוי עס איז פאָרגעקומען אין גיהנום מיט דער ליבע, ווי אַזוי אַ פּאָר האָבען זיך געצויגען און געצויגען און דערנאָך, ווען זיי האָבען זיך אָפּגעלאָזען, וואָס איז געוואָרען! . . דאָך האָבען די דיבורים פון זיין טאַטען פון איין זייט און דאָס אָפּחוזק'ען פון דער לאה'ן פון זיינע דריי שוועסטער, אויף וועלכע קיין בחור האָט זיך נאָך ניט אומגעקוקט, פון דער צווייטער, און דערביי דער מאָטיוו, וואָס ער'ט זיך געפונען אין אַ בעסערען באַשטאַנד, געווירקט אויף איהם, אַז חוץ, וואָס ניט בלייבענדיג פאַר איהר אָפּט פאַר טעג, פלעגט ער זיך אין איהר געגענוואַרט באַנעהמען צו איהר אַזוי, ווי ער ער זאָל איהר האָבען געטאָן די גרעסטע טובה, וואָס ער שפּילט מיט איהר ליבע, דערוואַרטענדיג דערפאַר, זי זאָל איהם נאָכגעבען אַלע קאַפּריזען . . ביז לסוף, איז געגאַנגען און האָט אָפּגעטאָן מיט איהר אָט וואָס:

ער האָט זיך אויפגעהערט באַווייזען פאַר איהר שוין פאַר אַ וואָך, פאַר צוויי וואָכען, פאַר דריי און שוין מעהר ווי פאַר אַ מאָנאַט.

די אָרעמע לאה, וועלכע איז שוין געווען פון זיין באַנעהמען זיך צו איהר אַזוי פיעל אויסגעשעפּט, האָט זיך אַצינד גענומען עסען; עס איז איהר געווען אַ חרפּה פאַר דער גאַס, וואו פילע האָבען שוין געקוקט אויף איהר מיט רחמנות. זי איז געוואָרען נאָך מעהר אָפּגעצעהרט, ביז דאָס ערגערען זיך איבער דעם, האָט אַרויסגעצויגען פון איהר, פון איהרע הענט און פיס, ס'לעצטע ביסעל חיות, אַז זי האָט זיך שוין ניט געקענט מעהר האַלטען און געבליבען ליגען צובעט, וואו דאָס פנים האָט איהר שוין געפלאַמט און די ליפּען—וויים . .

דאַן האָט די מאַמע איהרע, די אלמנה, זיך אָנגעטאָן אַ כוח. צונויפגעציילט געגוג אויף צו קויפען אַ בולקע און האָט אַוועקגעשפּאַנט צו זיין מאַמען אין מאַרק אַריין, צו דער שטעלע

איהרער, מיט'ן געבעקס, און האַלטענדיג שוין די האַנט אויף אַ קוילעטש.. האָט זי גענומען קוקען אויף איהר ווי איינע, וואָס דאַרף פאַר איהר עפּעס אַרויסברייננגען. אָבער, איידער איהר עפּעס צו זאָגען, האָט זי אויסגעבראָכען אין אַ שליכצען און גע־קלאָגט, אַז דער מאַן איהרער, דער חנא, דער לאה'ס טאַטע, זאָל אַרויס פון זיין קבר און קומען פונ'ם „בית־חיים" זיך אָנצו־נעהמען די קריוודע פאַר זיין כשר־קינד, דער יתומה! . . און ווער ווייסט מיט וואָס פאַר אַ טראַגעדיע די געשיכטע וואָלט זיך דאָ אויך געווען געענדיגט?

האָט אָבער אין דער פאַבריקע פונ'ם טוטין, וואו די לאה איז געווען אַ ציגייערען וויקלערין, געאַרבייט אַ בחור, וועלכער האָט געוואָרפען אויף איהר אַן אויג! דערוויסענדיג זיך, אַז זי ליגט, איז ער זיך מיישב און געהט צו איהר געוואויר ווערען; איין מאָל און אַ צווייטען מאָל, וואו דער שמחה האָט עס גראַדע באַמערקט.

צו זאָגען: גראַדע?

פון זינט ער האָט זיך צום לעצטען אָפּגעמאַכט זיך מעהר מיט איהר ניט באַגעגענען, האָט ער די גאַנצע צייט ניט געקאָנט אַראָפּנעהמען די אויגען פון דעם פענסטער אין זיין שטוב, וואָס איז געווען אַנטקעגען אַריבער איהר הויז. ער איז געווען פאַר־ליעבט אין איהר. און אַצינדערטאָ האָט זי זיך איהם נאָך אויף צו להכעיס כסדר פאָרגעשטעלט פאַר די אויגען מיט איהר מילדען איינפאַכען אויסדרוק, באַזונדערס נאָך מיט'ן אופן, ווי אַזוי זי האָט איהם ס'ערשטע מאָל, אַזוי צערטליך געבעטען, ער זאָל איהר לייען אַ בוך . . און ווי אַזוי זי איז דערנאָך מיט אַזאַ גליקליכער מינע איהם אַנטקעגען געקומען אין דער ליבע . . אַז עס האָט זיך איהם אויסגעוויזען, אַז קיין בעסערס, קיין ליבערס וועט ער גאָר אויף דער וועלט ניט געפינען! . . און עס האָט זיך איהם גענומען בענקען נאָך איהר און ציהען, טאַקע אַזוי ווי אַ מאַגנעט! . . עס האָט איהם געצויגען צו איהר, אַז עס האָט זיך איהם נאָר געוואָלט אַדורכדרונגען דורך די שויבען צו איהר אין הויז אַריין, כאָטש אַ בליק טאָן אויף איהר נאָך אַמאָל! . .

אַזוי קוקענדיג צו איהר שטוב, האָט ער שוין אויך דערזעהן קומען און ארויסגעהן פון דאָרט דעם בחור! . .

ווי אַזוי ער איז אַריין צו איהר, איז ער שוין אַריין. אָבער די לאה איז דאַן געלעגען צו איהם, ווי אַ שטיין . . וואָס ער האָט ניט גערעדט צו איהר, וואָס ער'ט ניט געזאָגט, האָט זי איהם שוין מעהר ניט געהערט: זי האָט מעהר מיט איהר גוט־מוטיגען אויסדרוק אויף איהם אפילו ניט אַ קוק געטאָן! . .

געשעהן איז שוין דעמאָלט מיט איהר אָט־וואָס:

אמת טאקע, די לאה איז געווען אַן אָרעמע יתומה, פעסע חנא'כעס, מישטיינס געזאָגט, דער אלמנה'ס מיידעל; מען האָט איהר גערעדנקט נאָך פון קינדוויים, ווי אַזוי זי איז תמיד געגאַנ־גען אָרעם—באָרוועס און נאַקעט, ווי זי האָט אויסגעזעהן מאָ־גער, וואו זי האָט געהאַט אַן אויסקוק פון אַ רחמנות'דיגע באַ־שעפעניש, וואו זי האָט זיך געהאַלטען כסדר שטיל און געפאַלען. נאַכהער, ווען זי איז שוין אַוועק וויקלען די פאַפּיראָסען, פלעגט מען איהר נאָר באַמערקען אין די פריהמאָרגענס, ווען זי איז געגאַנגען אין דער פאַבריקע פונ'ם טוטין, וואו זי פלעג זיך אַדורכשלייכען די גאַס, אַזוי ווי אַ בלאַסער שאָטען . . איבער איהר געמיינקייט, האָבען זיך מיט איהר ניט געכאַווערט קיין מיידלאַך. זי האָט טאקע אויך ניט געהאַט קיין לייטיש קליידעל, מיט וואָס זיך מיט זיי זיך אַרויסצושטעלען . . און זי האָט זיך געפונען כסדר פאַרדרוקט אָדער אין דער פאַבריקע פונ'ם טוטין,, אָדער אין איהר אָרעמער היים, וואו זי האָט שוין געהאַט פונ'ם שמעק פונ'ם טוטין געהוסט . .

און וואָס, וואָלט שוין אַ שטייגער פון אַזוינער געקענט ווערען פאַר אַ תכלית?

זיינען דעמאָלט, טאקע, נאָר ווי פונ'ם אויבערשטען, אַראָפּ־געקומען די כאַוויירים, וועלכע האָבען איהר ווי די איבעריקע, גענומען „אַרויסהויבען פון זייער מיסט און „אויפשטעלען אויף זייער סמעטניק„

חוץ וואָס איהר לאָגע ביי דער ארבייט איז דאַן פאַרלייכ־
טערט געוואָרען, איז זי נאָך געמאַכט געוואָרען באַוואוסטזיניג
אַז זי דאַרף זיך ניט האַלטען אַזוי געפאַלען; און די הויפּטזאַך,
נאָך דערביי, האָט מען איהר, וואָס די מאַמע האָט אַפילו אין
חדר אריין ניט געשיקט, אויסגעלערנט לייענען און שרייבען.
און ניט אַזוי שרייבען, ווי לייענען. און דאָס אויסלערנען זיך
לייענען איז פאַר איהר געווען אַ געפונענער אוצר מיט גאָל־
דענע רענדלאָך! האָט זי זיי געציילט: אַ בוך נאָך אַ ביכעל, אַ
ביכעל נאָך אַ בוך. און זי איז געוואָרען באַרייכט און פאַר־
מעגליכער אין באַוואוסטזיין; און זי האָט גאָר גענומען אויס־
קוקען: איידעלער און פיינער; און רעדען גאָר אינטערעסאַנטער
. . און וואו שוין צו פאַרדאַנקען אָט דעם אוצר פונ'ם אויס־
לערנען זיך לייענען, איז זי שוין אויך באַגליקט געוואָרען, אַז
דער שמחה זאָל זיך אין איהר פאַרליבען . . און פאַרליבען
זיך אין איהר „איבער די אויערן" . .

און זי איז געווען זעהר גליקליך—אויפ'ן שטאַפּעל פון גליק
ה. ע. ביי דער ליבע צו איהר פון דעם שמחה'ן! און ס'האָט
זיך גענעפּענט פאַר איהם איהר האַרץ און זי האָט איהם אנט־
קעגען געטראָגען איהר נשמה . .

אָבער לײדער, האָט זיך דער שמחה, כאָטש וואָס, אַליין אַ
געהאָלפּענער, דורך די כאַווײרים, באַנומען צו איהר גאָרניט
כאַוועריש . .

ער'ז נאָך ניט געווען אָפּגעוועהנט פונ'ם געדאַנק, וואָס איז,
אַז נאָך אַלעמען איז דאָך פאָרט ניט מעהר ווי פּעסע חנא'כעס
דער אַלמנה'ס; וואו זיי זיין פאָטער מיט זיינע דריי שוועסטער
האָבען איהם מ'געדאַנק כסדר פאַרשאַרפט; דערביי נאָך דער
מאָטיוו, וואָס האָט זיך איהם פריהערט ניט געוואָלט האָבען
קיין געשעפטען מיט אַ מיידעל; האָט שוין דאָס אַלעס אויף איהם
געווירקט, ער זאָל אויף איהר קוקען, ווי פון אויבען אַראָפּ, ווי
אויף אַ מינדערווערטיגערער, ווי אויך ער זאָל זיך מאַכען מיט
איהר אין דער ליבע אַ פּולקע . .

און ווי גליקלאך זי האט זיך ניט געפיהלט אין די ערשטע טעג פון זייער ליבע, און ווי טייער ער איז איהר דעמאלט ניט פארגעקומען, האבען אבער ווייטער זיינע האנדלונגען גענומען פלאגען איהר מיט פארדרוס און מיט ערגערניש: אזוי, אז דאס גליק איז שוין פון איהר געווען אינגאנצען פארשווינדען און עס איז איהר געווארען פינסטער און וויסט . .

דערווייל האט זיך דא דער דערמאנטער בחור, ביי דער ארבייט גענומען צו איהר שארען. און יענער איז גראדע גע־קומען פונ׳ם זעלביגען שיכט, אויב נאך ניט פון אן ערגערער לאגע, ווי פון איהרער—זי איז געוואקסען אהן א טאטען און ער האט ניט געהאט קיין מאמען! און איז געווען א פיעל גע־פלאגטער, אינגאנצען א פארטריבענער פון זיין פאטער׳ס היים; און ווי זאגט מען דאס אויפ׳ן הפטורה׳שען אופן: „מצא מין את מינו", יעדער מין געפינט זיך זיינס, האט ער זיך גענומען נעהענטען צו איהר מיט א מין פריינדליכקייט. עס האט זיך דערביי אויף איהם ניט אפגעדרוקט קיין שום גייווע, גאווה, ער האט זיך ניט געוויזען מיט קיין שום שטאלץ צו איהר; זיינע בליקען וואס ער האט אויף איהר געגעבען האבען געלאסקעט מיט צערטליכקייט, מיט געבעט, ווי ער זאל איהר זאגען: זעה, מיר זיינען דאך פון איין מזל, קום, לאמיר זיך פאראייניגען! . . און יעדערס מאל, ווען זי האט דערשפירט אויף זיך זיינע אויגען, האט זיך איהר ערגעץ עפעס א ריהר געטאן . . דעם טאג, וואס זי האט זיך געצייגט צו איהם מיט א ניט אפוועג־דיגער מינע, האט זי באמערקט, ווי ער זאל דאן האבען געוועזן ניט געשטאנען, ניט געזעסען, נאר געשוועבט ביי דער ארבייט, און עס האט איהר פאר איהם גענומען קלעמען דאס הארץ און זיך גיסען טרערען . .

וויסענדיג אבער, אז דער שמחה איז איהר אמת׳דיג פאר־ליבט, ווי אויך באגרייפענדיג די מאטיוועז פון זיין באנעהמען זיך צו איהר אויף אזא שטייגער, ווי דערביי האט זיך איהר ניט פארגעסען, ווי אזוי גליקליך זי איז געווען אין די ערשטע טעג פון זייער ליבע, איז איהר דאס הארץ ממש צוריסען גע־ווארען.

אָבער דאָ, ווען דער שמחה האָט איהר אָפּגעפּראוועט אזא קונץ, ווי ער האָט זיך פאַרהוילען שוין פאַר וואָכען, וואו זי איז אַזש פאַר ווייטאָג, פאַר קריינקעניש איבער דעם געבליבען ליגען צו בעט, האָט זי געלאָזט זיך דערנעהענטערען צו איהר יענעם בחור, וועלכער האָט זיך שוין ניט געוואָרפען און גע־ברעקעלט מיט איהר; פאַרקערט, האָט ער זיך געצייגט ווי ער זאָל האָבען געוועזען מיט איהר דעמאָלט אין „זיבעטען הימעל" און ווי ער זאָל זיין גרייט „צו וואַשען איהר די פיס און טרינ־קען די וואַסער", און זעהענדיג באשיינפּערליך, ווי אַזוי ער וועט מאַכען „וואָס פאַר אַ בעסערער כאַוועס, וואָס פאַר אַ געטרייערער פריינד אין לעבען, האָט זי אָפּגעריסען איהר האַרץ פון דעם שמחה'ן און האָט עס איהם דערלאַנגט . .

## „א וואָגען זאמד פאַר ווייבערשע יאָהרען"!

דער שמחה איז שיעור ניט אַראָפּ פונ'ם זינען. ער'ז שוין אַפילו געלאָפען צו איהר מאַמען, צו איהר גערעדט און זיך געבעטען, אָבער עס האָט איהם שוין געהאָלפען ווי „אַ טויטען באנקעס". עס איז שוין געוועזען צו־שפּעט. זי האָט זיך שוין אינגאַנצען אָפּגעקעהרט פון איהם און זיך איבערגעגעבען צום צווייטען בחור, מיט וועלכען זי איז אינקורצען געגאַנגען צו דער חופּה . .

ער איז געבליבען שרעקליך ענטוישט. ער האָט אַפילו פאַר־שטאַנען, אַז ער האָט אַנטקעגען איהר ניט ריכטיג געהאַנדעלט; אָבער, איבער דער טיפער ליבע, וואָס ער האָט געפיהלט צו איהר, האָט ער געדענקט, אַז ער איז געוועזען באַרעכטיגט, זי זאָל צונעהמען פון איהם אַוולעס—עוולות—און ער האָט עס באַראַכט פון איהר פאַר פאַרראַט . .

ער איז געוועזען טיעף געטראָפען, אַז ער'ט ניט געקענט איינ־זיין אין זיין דעמאָלטדיגער היים און ער האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין דער ווייטער וועלט אַריין. ביי דער אַרבייט, דערנאָך, פלעג ער זיך אַלעמאָל אַוועקשטעלען: מעשה־האָהן און אויסשרייען:

„א וואָגען זאַמד פאַר ווייבערשע יאָהרען!" . . און גאָר אָפטער אזוי גלייך פאָרזעצען: „ויאמר משה: אצא, קאצא" און אזוי ווייטער . .

אינ׳ם טאָן, מיט וועלכען ער האָט אַזוי אויסגערופען די דערמאנטע אויסדרוקען, האָט זיך אָבער ניט געפיהלט, אַז ער טוט עס בלויז, מחמת איהם מיינט זיך אָפּצוחוזק׳ען פון יענעם שמש, וואָס הלמאי, ווען ער׳ט אַרויסגעזאָגט: אַ וואָגען זאַמד פאַר ויהי בנסוע הארון, האָט עס געקלינגען ווי פאַר ווייבערשע יאָהרען . . ווי אויך ניט מיט דער אַנדערער פראזע אויף אָפּ־צושפּעטען פונ׳ם בעל־עגלה, וועלכער, ווען שוין איינהאַנדלענ־דיג דעם „ויהי בנסוע" האָט ער פאַר׳ן עמוד, נעבעך, ניט גע־קענט אַרויסגעבען פון איהם די עברי . .

עס האָט זיך געהערט אין דעם טאָן אַ פאַרביטערונג און געשפּירט אַ פּראָטעסט.

און דאָס פאַרביטערונג און פּראָטעסט זיינען שוין דאָ געוועזן ביי איהם צווייזייטיגע;

אין די קינדער־יאָהרען האָט ער זיך אַליין אַ סך אָנגעליטען ביים לערנען, ווי אַרויסצובריינגען די עברי׳שע — הפטורה׳שע ווערטער און פראַזען. ער האָט געקראָגען געפּאַטשט און גע־שמיסען פונ׳ם מלמד, וואָס ער פלעג נאָך ניט איין מאָל דער־צעהלען, און וואו דער מלמד זעלבסט, האָט ניט געוואוסט, ווי מען באַדאַרף זיי אַרויסריידען; ניט בלויז—אַרויסריידען, ער׳ט אויך ניט באַגריפען דעם ריכטיגען אידיש פון גאָר אַ גרויסער צאָהל ווערטער און פסוקים . . און וואו צו געוויסע פראַזען, וואָס ער האָט ניט געקענט ביי איהם בשום אופן דערגעהן קיין טאָלק פון זייער באַטייט—אום אריינצוגעבען אין זיי כאָטש אַ שטיקעל געדאַנק, פלעגט ער נאָכהער ביי זיך, אַליין, צוזעצען עפּעס אַן אייגענעם אויסדרוק, אַזוי, למשל, ווען ער האָט זיך ניט געקאָנט דערפלאָנטערען פון איהם ביים תהלים וואָס עס מיינט: למנצח על הגתית, האָט ער דערנאָך ביי זיך געזאָגט, טאַקע מיט׳ן ניגון:—למנצח על הגתית, טאַטע, וואו ביזטו עס!

. . און חוץ די צום ערשטען פאָרגעבראַכטע פּראַזען, פלעג ער אויך דורכ'ן טאָג ניט איין מאָל אויסשרייען, מיט'ן ניגון: למנצח על הגתית . . אָדער א גמרא'שען אויסדרוק: אמר אביי, „כטא טעבע זנייע?" . .

—א סך „הפטורה'שע", „אמר אביי'עשע", „תנו רבנן'שע" ווערטער און פראַזען ווערען דאָך באַנוצט צו באַצייכענען גאָר אַנדערע פאָרגאַנגען, אומשטענדען און אייגענשאַפטען, ווי פון די, וואָס זיי אין דער אמת'ן באַדייטען. ווי דער „צווייטער", וואָס האָט געוואָלט באַרוהיגען דעם ערשטען מיט אַן הפטורה־שען אויסדרוק, אַז אַ קאַץ דאַרף אויך לעבען, האָט ער איהם געזאָגט: איקצתי בחיי! . . אַזוי אויך דער שמחה, אַז טאָמער איז איהם אַזוי אַן אַרבייט ניט געקומען, צו, אַז ער'ט געהערט עמיצען עפּעס דערצעהלען, וואָס איז איהם ניט געפעלען, פלעג ער זאָגען: ויאמר משה: אצא, קאצא, א. ז. וו. . .

אָבער ווי שוין געזאָגט, אינ'ם טאָן ווי ער'ט די פּראַזען אַרויסגעבראַכט פלעג זיך ניט בלויז הערען קיין געשפּעט.

די פּעטש מיט די שמיץ, וואָס ער'ז אויסגעשטאַנען ביים לערנען זיך די „הפטורה'שע", „תנו רבנן'שע" און „אמר אביי־שע" ווערטער און פסוקים האָבען אין איהם איבערגעלאָזען ניט קיין זיסען טעם. און ביים אויסשרייען די פּראַזען מיט דעם משונה'דיגען פאַרדרייטען אופן, ווי זיי זיינען אַרויסגע־בראַכט געוואָרען, האָט זיך געפיהלט, ווי ער זאָל האָבען גע־וואָלט אויסדריקען פאַרביטערונג און פּראָטעסט!—פאַרביטערונג און פּראָטעסט צום צושטאַנד, וואָס מענשען ברעכען זיך די ציינער און צודרייען זיך די לעפצען איבער ווערטער און פראַזען פון לשונות, וואָס ניט זיי ווייסען אַקוראַט, ווי מען דאַרף זיי אַרויסרעדען און וואו זעלטען ווער פאַרשטעהט דעם ריכטיגען באַטייט פון גאָר אַ גענוגענדער צאָל פון זיי! . .

ניט האָבענדיג דערביי קיין שלום־געפיהלען מיט'ן ווייבער־שען מין, ווּעלכער האָט זיך איהם אָפטער געשפּיגעלט אינ'ם געשטעל אין דעם באַנעהמען זיך, ווי זיינע דריי שוועסטער; איבערהויפּט, טראָגענדיג נאָך אַ שווער האַרץ אויף איינער פון

דעם מין, אויף דער לאה'ן, האָט ער, באַזונדערס אין דער ערשטער פראזע דערטאַפּט מ'שאַנץ זיך אָפּצורעכענען מיט די בײדע! . . „אַ וואָגען זאַמד פאַר ווײַבערשע יאָהרען", האָט בײ איהם געמיינט דער ווערט פונ'ם ווײַבערשען מין . . און ווידער אויסרופענדיג: ווײַבערשע יאָהרען אויף ויהי בנסוע הארון איז בײ איהם געווען אַן איבערקרומעניש אויף אַן הפטורה'ש פּסוקים פאַר די צרות וואָס ער'זט זיך אויסגעשטאַנען ביים לערנען זיך ווי זיי אַרויסצובריינגען . .

הפנים, איז ער געווען פאַרביטערט, און דערפאַר פלעג ער זיך אַלעמאָל אַזוי אַוועקשטעלען: מעשה־האָהן און אויסשרייען: „אַ וואָגען־זאַמד פאַר ווײַבערשע יאָהרען"! . .